איציק פעפער

# אפּסניי

לידער

אָגיז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס״ מאָסקווע 1948

דעם ליכטיקנ אָנדענק פונ מײַנ פאָטער שאָלעם בענ אוראָם־שמועל פעפער איז דער בוכ געהײליקט.

זאָל עס זײַנ אָנשטאָט א קראַנצ אפ דעם אומבאַװוּסטנ קײוּוער פינעם פאָלקס־מענטש, װעמענס אױגנ עס װעלנ שױנ מער ניט זענ דאָס לאַנד, װאָס ער האָט אַזױ ליב געהאַט. זאָל דער בוכ „אפּסנײַ״ זײַנ נאָכ אנ אױסדרוק פונ נעקאָמע אינ די מענטשנ־פײַנט, װעלכע האָבנ פאַר־גאָסנ דאָס אומשולדיקע בלוט פונ מײַנ פאָטער.

# I. אפסנײַ

## אפסנײַ

עס רוען די שווערדן, עס רוישט ניט דאָס בלײַ,
און ס'זעצט פון די פעלדער די בליִונג אפסנײַ.

ס'איז לויטער און טרויעריק-רויִק די הייך,
און ס'גייט פון די קוימענס א רויִקער רויך...

אין יאָרן נאָך ליגן די שפּורן פון קריג —
א ראָד פון אן אווטאָ, א ליידיקער וויג,

און אייזנזאַמער שטיוול, א בלאַט פון א בוך,
בוריאַן אף קורגאַנעס, און ביינער, און פּוך...

עס טראָגן נאָך ווינטן ארום א געוויין,
נאָר ס'ווייט שוין די פאָן פון ניצחון באַם ריין,

פארבײַ איז דער אומגליק דער גרויסער, פארבײַ...

און ווער ס'האָט א סעדל געהאַט אין וואָלין,
האָט ווידער דאָס סעדל, ס'איז נאָכאַמאָל גרין.

און ווער ס'האָט אין האָמעל א כאַטע געהאַט,
לעבט ווידער אין האָמעל לעהאַכעס דעם קאַט.

און ווער ס'האָט אין אומאַן געהאַט נאָר פיר ווענט,
האָט גלײַך נאָך בערלין זיך אהינצו געווענדט...

און ווער ס'האָט אין קאָוונע א ווינקל פארלאָזט,
האָט גלײַך נאָכן זיג זיך אהינצו געלאָזט...

פארבײַ איז דער אומגליק דער גרויסער, פארבײַ,

און ס'בענקען די פעלדער נאָך זאנגען אפסנײַ,
און ס'בענקען די שטעט נאָך געזאנגען אפסנײַ.

און ס'בענקען די טײַכן נאָך בריקן אפסנײַ,
און ס'ווילט זיך די הערצער דערקוויקן אפסנײַ

מיט פריילעכע קינדער, וואָס לאכן אפסנײַ
און שטיפן אף זוניקע שליאכן אפסנײַ...

עס לויכט שוין א שמייכל, און ס'קלינגט שוין א שפאס,
און ס'שפילט שוין א פידל אף פערעצעס גאס...

נאָר ס'טאָר ניט פארשווינדן די נעכטיקע פײַן
אין ביליקע מײַכלעך פון ווערטלעך און ווײַן...

אין קליינינטשקע ווינטשן פון לעבן מיט טאָלק,
א מענטש איז א מענטש, און א פאָלק איז א פאָלק!

איז לאָמיר א וועק טאָן די קרעפטן אפסנײַ,
די אלטקײַט מיט יונגקײַט באהעפטן אפסנײַ,

פון כורוועס א הייב טאָן געבײַען אפסנײַ,
די כוואַרעווע וועגן באגײַען אפסנײַ,

אין נאכעס, וואָס קומט אונדז אנטקעגן אפסנײַ,
אין פרײַנטשאפט, וואָס וואַרט אף די וועגן אפסנײַ,

און הוידען די קינדער אין וויגן אפסנײַ,
און לעבן, און קעמפן, און זיגן אפסנײַ.

# איך בין געקומען אַף דער ערד

די ערד האָט מיר געזאָגט: מעגסט מיך ניט אירצן,
זאָלסט זײַן מיט מיר אַף דו, און נאָר אַף דו.
און ס'האָבן אַלע אירע הויטן, גראָזן און געווירצן
באַטעמט מיך מיט זייער שמעקנדיקער רו...

מיט יענער ברייִשיסדיקער רו, וואָס רוט ניט,
וואָס בענטשט דאָס בלוט מיט יאָרנדיקן ברויז,
און כ'האָב גערעדט מיט אונדזער ערד מיט גוטן,
זיך אויסגעבויט פון האָלץ אירן א הויז,

וואָס האָט, ווי איך, זיך צו דער הייב געטוליעט
און דורך די פענצטער אײַנגעזאַפּט, ווי איך,
די שווערע בליצנדיקע לופט פון יולי
און די סענטיאַבער-נעכט, וואָס קוטען זיך אין זיך.

כ'האָב אַף מײַן הויז אַוועקגעשטעלט א קוימען,
ער האָט אין זומער-נעכט, אין ווינטער-נעכט געהערט,
ווי ווינטן הייבן אוף דעם קאַלטן רויך אין רוימען,
ער זאָל ניט פאַלן אַף דער זויבער-ריינער ערד...

איך האָב געלעבט מיט אונדזער ערד, ווי שכיינים,
וואָס זאָג איך שכיינים? נעענטער א סאך,
מיר פלעגן פרייען זיך און טרויערן אינאיינעם
און ביידע דרייען זיך אונטערן הימל-דאַך...

איך האָב פון גרונט דעם לעבן-זאַפט געזויגן,
און איבער אָפּגרונטן געבויט פאַר זיך א בריק,
און זי, זי האָט געקוקט מיר אין די אויגן,
צי בין איך גרייט זיך אומקערן צוריק...

איך בין נאָך ניט גרייט, כ'האָב נאָך ניט באַנומען
דעם טעם פֿון אייביקער, ניט לעבעדיקער רו;
און אויב איך בין אַף אָט דער ערד געקומען,
קעדיי צו זײַן מיט אָט דער ערד אַף דו,

איז ניט, ווײַל כ'האָב געוואָלט אין איר אַנטרינען,
ווי אַ פֿאַרבלאָנקעט רעגנדל אין איר אַנטרינט,
איך בין געקומען אַף דער ערד געפֿינען
אַן ערד אַזאַ, וואָס נאָך אַ גליקלעכער געפֿינט.

איך האָב געפֿונען זי אין אַ בעריאָזע־רעמל,
זי האָט זיך אויסגעטאָן פֿון גליווערדיקן שניי,
און כ'האָב דערזען אַף איר די טורעמס פֿונעם קרעמל,
איך האָב דערפֿילט דעם אָטעם פֿון ראַסיי...

## ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען

ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען,
ווען ס'האָט די היים געשענקט אונדז פליגל,
ווען ס'האָט די היים באפוילן: פליט!
ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען,
ווען ס'האָט די היים געשטארקט די טריט
און שיין געשיקט אונדז אין די אויגן, —
מיר זיינען גייענדיק געפלויגן...
דער הייסער ווינט האָט אונדז געבריט
מיט זיינע אָפּגעסאמטע פלאמען,
נאָר מיר האָבן זיין קראפט פארלענדט
און ניט פארשעמט די אלטע מאמען
און אונדזער יוגנט ניט פארשעמט.

ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען,
ווען ס'האָט די היים באפוילן: זינגט,
די גאנצע וועלט האָט זיך געוויגט,
נאָר ס'האָבן מאמעס ניט געוויגט
די קליינע קינדער אין די וויגן.
ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען,
ווען מענטשן שטארבנדיקערהייט
צום לעבן האָבן זיך געגרייט.

ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זינגען,
ווען ס'האָט אייך שלאכטן אונדז באגלייט
פון וועלדער היימישע דער ניגן,
פון פעלדער היימישע די ברייטן,
די דעמבעס בײַ די ברייטע וועגן,
די שטילע כוואליעס בײַ דעם ברעג;

דער קלינגענדיקער זומער־רעגן
האָט אונדז באַגלייט אין שווערן וועג,
און יונגע מיידלעך פול מיט זון־שײַן
און אַלטע מומעס אף די טרעפ
אונדז האָבן גליק אין וועג געוווּנטשן,
געבענטשט אונדזערע שטאָלצע קעפ...

ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זיגן,
ווען יעדער זאנג אינמיטן פעלד
האָט ניט געוואָלט קיין טויטער ליגן,
ווען יעדעס ביימל אפן פעלד
האָט זיך געוואָלט נאָך מער צעבליִען,
ווען אונדזער הימל אין שאריִען
האָט ניט געוואָלט זײַן ווי באַנאַכט,
ווען יעדעס הארץ האָט אין דער שלאַכט
געוואָלט פאַר צוויי, פאַר דרײַ זיך שלאָגן,
ווען יעדן שפאַן פון אונדזער ערד
איז נאָר אונטער די רויטע פאָנען
צעבליִען זיך געווען באַשערט...

ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זיגן,
ווי האָט געקאָנט גאָר אַנדערש זײַן?
מיר זײַנען פונעם קינדער-וויגל
געווינט צו פרײַהײַט און צו שײַן.
ווי האָבן מיר געקאָנט ניט זיגן
און פאַלן מאַכטלאָז און באַזיגט,
ווען ס'איז דאָס לאַנד א העלד געוואָרן,
ווען סטאַלין האָט דורך פלאַם פון יאָרן
אין שלאַכט אונדז אַלעמען געשיקט,
ווען סטאַלין האָט באַפוילן: זיגט!

## היימלאַנד־הימל

היימלאַנד־הימל!
היימלאַנד־הימל!

ווי אינ קאַרעטעס פונ זילבער
פּאָרנ וואָלקנס אפ די סימכעס
פונ די גרויסע זומער־רעגנס,
וועלכע פרישנ אונדז אונ נערנ...

ווי אפ פײַערדיקע אָדלערס
פליִענ בליצנ אפנ יאָמטעוו
פונ די גרויסע זומער־רעגנס.

ווי די פויקנדיקע פויקערס
הילכנ דונערס — מעש אונ קופּער...
אונדזער דונער הערט טאָלעדאָ,
פּאָרטאָ־ריקאָ, סאַנ־דאָמינגאָ,
גוטע בסורעס, בליצנ־גרוסנ
אונטער אונדזער היימלאַנד־הימל...

ווענ עס קרייצנ זיכ די בליצנ
איבער אונדזער הויכנ הימל,
ווערנ וואַכ די הימאַלײַעס,
רוישנ וועלדער אינ אויסטראַליע,
וויברענ שנייענ פונ אַליאַסקע,
ליכטיק ווערט אינ האַריי־כוישעכ.

היימלאַנד־הימל!
היימלאַנד־הימל...

ווענ די שטערנ דײַנע לויכטנ,
טוקנ, שעמענ זיכ די שטערנ
איבער פינעפ זעקסטלעכ הימל,
וואָס זיי קאָנענ נאָכ ניט לויכטנ
ווי די שטערנ איבער אונדזער
היימלאנד־הימל,
היימלאנד־הימל...

ס'איז אינ הערצער אײַנגעבאקנ
אי דײַנ צונטער פונ פרימאָרגנס,
אי דײַנ שטאָל פונ די פארנאכטנ,
אי די גרײַזקײַט פונ דײַנ ווינטער,
אי די יונגקײַט פונ דײַנ פרילינג,
אי די שמעקנדיקע מידקײַט
פונ די הארבסטיקע פארגאנגענ,
אי די מילדע אָנגעגליטקײַט
פונ דײַנ זומער, פונ דײַנ זומער...

אונ אפילע אינ דער פינצטער,
ווענ דער ווינט פארוויגט דײַנ אומרו
אינ די וויגעלעכ פונ כמארעס,
ווענ די שטערנ דײַנע דרעמלענ
אפ די קישעלעכ פונ וואָלקנס,
ווינקט ארויס פונ דיר א שטערנ
א געשליפענער פונ פײַער,
ס'איז אזא ניט צו געפינענ
איבער פינעפ זעקסטלעכ הימל.
אונ אפילע ווענ ס'איז פינצטער
איבער אלע ווינקלענ הימל,
בלײַבנ מיר ניט אָנ קײנ שטערנ!
היימלאנד־הימל,
היימלאנד־הימל!..

## מאָסקווע וועט דעם קאָפּ ניט בייגן

הער באָר, וועלט מיט גיפט אין אויגן,
וועלט פון אומרעכט און פון שאַנד,
מאָסקווע וועט דעם קאָפּ ניט בייגן —
ניט אזא איז אונדזער לאַנד!

ניט אזא איז אונדזער שטורעם,
ער זאָל שאַנעווען דיין ערד,
ניט אזא איז אונדזער גוואַרדיע,
זי זאָל פאַלן פון דיין שווערד!

ס'איז דיין כאָכמע אויסגעשוויגן,
אויסגעדראָשן ווי א זאַנג,
מאָסקווע וועט דעם קאָפּ ניט בייגן
פאַר דיין אָפּגעלעבטן גאַנג.

ס'וועט ניט שרעקן אונדז דיין זשאַווער,
דיין באַגילדעטער פאַרמעג,
און דיין אָוועק און דיין אַוועק
וועט ניט פּלאָנטען אונדזער וועג.

אין טאַכריכים איינגעצויגן
ליגט דיין צוקונפט, אַלטער נאַר,
מאָסקווע וועט דעם קאָפּ ניט בייגן
בא די שוועלן פון געפאַר!

ווער עס קריצט נאָך מיט די ציינער
און ער צילט אין אונדזער גליק
מיט רויציייעכדיקע שטיינער,
דער וועט קריגן זיי צוריק.

ווער עס וויל מיט אונדז זיכ קריגנ,
זאָל ער וויסנ, ווו ער איז,
אויב ער וויל אינ קייווער ליגנ,
זאָל ער אָפּהייבנ זײַנ שפּיז!..

הער נאַר, וועלט מיט גיפט אינ אויגנ,
דײַנ מאַפּאָלע איז ניט ווײַט!
מאָסקווע וועט דעם קאָפּ ניט בייגנ —
ניט אזאַ איז אונדזער צײַט!

# צו א שוואנגערער פרוי

ניינ, שעמ זיכ ניט, דו פרוי, מײַנ רעטערנ,
דו מיינסט, אז דו ביסט איצט ניט שיינ,
דו טראַגסט אינ זיכ דעמ דאָר דעמ שפעטערנ,
דעמ דאָר, דעמ דאָרשט צו ווײַטער גיינ.

דו טראַגסט אינ זיכ מײַנ טרוימ מײַנ זיכערנ
צו שמידנ אונדזער גרויסע קייט,
אונ וויפל ס'זאָל דער טהאָמ ניט וויכערנ,
וועט ער ניט אָפמעקנ די פרייד.

גיי שטאָלצ, וואָס דו ביסט ניט קיינ שיינהייט הײַנט,
וואָס ס'בײַט זיכ עטוואָס דײַנ קאָליר,
ווײַל איכ? יאָ, איכ... איכ ווייס אליינ ניט הײַנט,
וואָס קאָנ זײַנ שענער נאָכ פונ דיר:

דו ביסט דער בוימ, וואָס שענקט פאַרמעגנ אונדז
אונ האָט אונדז שיינע פרוכט געבראַכט,
דו ביסט דער רעגנ, וואָס באַרעגנט אונדז,
ווענ ס'האַרט דער שטאַמ אונ ס'דראָט די נאַכט.

דו ביסט דער אָנהייב פונ די אָנהייבנ,
דער ערשטער עפנ פונ דער טיר,
אונ אויב ס'מעג עמעצער די פאָנ הייבנ,
געהער דער ערשטער קאָוועד דיר —

די פאָנ פונ פרוכפּערנ אונ מערנ זיכ,
די פאָנ פונ לעבנ אונ פונ זײַנ,
אינ דײַנע אויגנ שפיגלענ שטערנ זיכ
אונ פולער ווערט די שטערנ־שײַנ...

פון דײַנע מאַטערנישן צײַט דער פּאָדעם זיך,
און נאָך דײַן װײ־געבורט די מענטשהײַט בענקט.
אומזיסט האָט אונדזער אַלטער פּאָראָם דיר
אײן שטיקל ריפּ אָװעקגעשענקט...

ער האָט באַמערקט דיך דאָרט א געפֿאַלענע?
אַן אָפּגעכאַרטע פֿון א שלאַנג?
דו ביסט די מאַמע דאָך פֿון אַלץ און אַלעמען,
די מוטער־בראָכע אינעם גאַנג.

עס װאַרט מײַן פֿאָלק אױף דײַן גערעטעניש,
דו טראָגסט זײַן מוט אין דײַן געבײן,
איז שעם זיך ניט פֿאַר מיר, מײַן רעטערן,
דו ביסט, װי קײנמאָל נאָך ניט, מאָלע־כײן.

# האָסט א לעבעדיקע מאמע

ליגסט אַ מילכיקס און אַ וואַרעמס,
דײַנע ליפּלעך זויגן, זויגן,
און מיט דײַנע ווילדע אייגעלעך
קוקסטו אין דער מאַמעס אויגן,

און דו ווייסט נאָך גאָרניט, גאָרניט,
פילסט אפילע ניט מיסטאמע,
ווי ס'איז גוט דיר, ווי ס'איז גוט דיר:
האָסט א לעבעדיקע מאַמע!

ס'זיצט דײַן מאַמע בײַ דײַן וויגל,
ווי אַ מאַמע אָנגעבויגן,
און דײַן קעפּל א פאַרכאַלעמטס
שפּיגלט זיך אין אירע אויגן...

אזוי פּאַשעט און געוויינלעך,
אזוי מאָדנע — אומפאַרשטענדלעך,
ס'זיצט דײַן טאַטע בײַ דײַן וויגל,
און זײַן ניגן איז אומענדלעך.

האָסט א פּאַטער א געזונטן,
הענט און פיס און אויגן האָט ער,
ווי ס'איז גוט דיר, ווי ס'איז גוט דיר,
האָסט א לעבעדיקן פּאָטער...

און אַ שנײ אין דרויסן שיט הײַנט,
און דער שנײ — ער פרישט און מוטיקט,
ס'איז דער דרויסן ניט פאַרײַכערט,
און דער שנײ איז ניט פאַרבלוטיקט...

אַזוי פּאַשעט און געווײנלעך,
אַזוי מאָדנע — אומפאַרשטענדלעך:
ס'טרעסקען שפּעטער אײנעם אויוון,
ס'זידן אָנגעפּילטע קענדלעך...

און די וויגע טאַנצט אַ פרײלעכס
איבער פלעצער־אינדערמיטנס,
און אַפ זײַטיק־שטילע וועגן
גליטשן זיך פאַרשנײטע שליטנס...

ליגסט אַ רויקס, אַ פאַרוויקלטס,
דײַנע ליפּלעך זויגן, זויגן,
און מיט דײַנע שוואַרצע אײגלעך
קוקסטו אין דער מאַמעס אויגן,

נאָר דו ווייסט ניט, ווי זײ גרויסן,
און דו ווייסט ניט, ווי זײ צאַפּלען,
און דו ווייסט ניט, וויפל ווײ ליגט
אין די מידע צוויי שוואַרצאַפּלען,

ווי דער ווײ פון אַלע מאַמעס,
וואָס פאַרמאַכט האָבן די אויגן
מיט די קינדערלעך צוזאַמען,
וואָלט אין זײ זיך אײַנגעזויגן...

און דו ווייסט אויך ניט אַוואַדע,
ווי דער מאַמעס אויגן שײַנען,
ווען זי קוקט אַפ דײַנע ליפּלעך,
אַפן פּײַכטן נעזל דײַנעם...

זוענ   זי קלערט, אז וועסט פארמאָגנ
פונעמ שענסטנ, פונעמ בעסטנ
אונ עס וועט שוינ קײנער, קײנער
אפ דײַנ גליק זיכ ניט פארמעסטנ...

אונ ס'איז דאָ אזויפיל כאָכמע
אינ איר אָנגעשטרענגטנ שווײַגנ,
אונ זי ווײסט, אז ס'וואַרט דאָס הײמלאנד
אפ דײַנ וואקסנ, אפ דײַנ שטײַגנ...

# בויונג

איר זעט, ווי עס הייבט זיכ דער מויער פונ שטויב?
ער איז שוינ א טויטער געלעגנ
אונ האט מיט זײַנ איינציק געבליבענער שויב
געקוקט דורכנ אש אפ די וועגנ,

ער האט מיט די גרויע צעוואלגערטע ווענט
צו גאסנ געזוונטע געוווּנקענ,
מיט כאַרעווע פענצטער צו מיזרעכ געווענדט,
געבענקט נאַכ פאַרטאַגיקע פונקענ...

ער האט מיטנ אײַזערנעמ דארנ געבויינ
אונ מיט די צעשאַסענע שטאַקנ
געוואַרפנ א פּאַכעד אפ גרויס אונ אפ קליינ,
אפילע די פויגלענ געשראַקנ.

איר זעט, ווי עס הייבט זיכ דער מויער פונ שטויב?
אַט שטייט שוינ א וואַנט אונ א צווייטע,
אַט וואַרט שוינ א פוסטער קוואַדראַט אפ א שויב,
ס'זאַל עמעצ פאַרגלאָזנ דעמ ווייטעק...

אַט וואַרט אפ א נײַעמ א בלעכענעמ דאַכ
א שטויביק-פאַרקוילטער פּידראַשעק,
דער נײַער, דער פרײַער אונ ראַשיקער שליאַכ —
ער איז שוינ ניט עלנט, ניט אשיק.

אָט ווארטנ שוינ לייטער־סקעליעטנ אפ טרעפ,
וואָס וועלנ אינ הויכקייטנ פירנ;
אונ ס'פאלנ אראפ שוינ די פאסיקלעכ קרעפ
פונ פענצטער, פונ ווענט אונ פונ טירנ...

עס הייבט זיכ דער מויער צוריק אינ זיינ רוימ,
ער שפארט אונ ער הייבט זיכ צעוויכערט,
ווי ס'שפארט פונ די גרונטנ א מעכטיקער בוימ,
וואָס ווייסט, אז זיינ וווקס איז געזיכערט...

איז זעט, ווי עס הייבט זיכ פונ שטויבנ די היימ,
ס'איז ניט נאָר קיינ ברעטער, קיינ ציגל,
ס'איז גאָר ניט קיינ אייזנ, קיינ צעמענט, קיינ ליימ,
ס'איז מערער — ס'איז מענטשלעכע פליגל.

# א ציגעלע

זי האָט אין וואָלין אַ היים געהאַט,
אַ װאָרעמע נעסט און ליבע צו זאַט,
אַ טאַטן — אַ שניידער; אַ מאַמע —
ווי אַנדערע מאַמעס מיסטאַמע;
אַ שוועסטער געהאַט און ברידער צוויי;
אַ האָן — און עמעצער סאָלאָוויי,
אַ זינגער — איינער אויף דער וועלט.
וואָס זשע האָט ביילקען, אַשטייגער,
געפעלט?
אַ ציגעלע.

אַ ציגעלע און דאַפקע אַ קליינס,
מיט גרינינקע אייגעלעך, אַ שיינס,
אַ קלאָר־ווייס נאַרעלע, מאָלע־ביין,
אַ מיידלש מײַלעכל, מירמל־ציין,
אָזאַ, ווי עס איז בײַ דער מאַמע
נאָך אין וויגליד געווען מיסטאַמע...
דאָס מיידל רוט ניט, און מאַרק זי לויפט,
און פאַר אַ גילדן דאָס מיידל קויפט
אַ ציגעלע...

דאָס ציגעלע איז מיט איר געגאַן,
גאָר ניט קיין ציגעלע, נאָר אַ שוואַן,
ווי בײַ אַ מאַלעכל, ריין און פרום,
טומטום דאָס מײַלעכל. שטיל אַרום,
און ס'האָט זיך ביילקען געדוכט אין גיין,
אַז דאָס ציגעלע איז זי אַליין,

אז ניט פונעם מארק זי גייט איצט מיר,
אז דאָס איז זי פון דער מאַמעס ליד
א ציגעלע.
די מאמע ז'געווען אין קאָס אף איר

און האָט געקלאפּט מיט דער בייזער טיר:
„וואָס מיר ציגעלע און ווער מיר שוואַך!
שוין צײַט דיר צו האָבן א כאָסן, א מאַן...
ציגעלע־מיגעלע — אויך א פּאַרמעג,
אלטע באַלוימעס, נעכטיקע טעג.
כ'וואָלט שוין געוואָלט אין דיר נאָכעס זען,
מאלע וואָס עס איז אמאָל געווען
א ציגעלע".

גאַנצפרי האָט דער סאָלאָוויי געקרייט,
די אלטע מאמע האָט טיי געגרייט,
ס'האָט אין דער פּארע איר טרוים געשוועבט:
— מיר האָבן דאָס ציגעלע איבערגעלעבט...
ס'האָט זיך די בלויע פּארע געדרייט,
און דער טאטע האָט געגעייט, געגעייט
פאַר נאָ'נטע, פרעמדע, אומפרײַנט און פרײַנט.
ווײַל וואָס פאַר א טאכלעס איז הײַנט
א ציגעלע?

געהאַט האָט בײַלקע אן אנדער מיין,
זי האָט עס געפּוצט, ווי זיך אליין,
זי האָט עס, לעהאַוודל, ווי א קינד
געהיט, באַהיט פון רעגן און ווינט,
זי האָט שוין א מאַן — איז דער מאַן
אין אָקאָפּ,
פליט אף קיין ווײַל ניט ארויס
פון זײַן קאָפּ
דאָס ווײַסינק ציגעלע — זײַן טרוים,
אים האָט זיך געדוכט, עס שווימט אין רוים
א ציגעלע.

דער מאַן איז ניט געקומען צוריק,
ער איז אראָפּ אין טײַך מיט א בריק,

און זי — מיטנ לעצטנ צוג אוועק,
מיטנ לאַנגנ וועג, דעמ שווערנ וועג,
וואָס האָט זי געבראַכט צו די סאָסנע־ווענט,
די היימ אירע האָט דער סוינע פאַרברענט,
ניטאָ מער קיינ היימ, קיינ סאָד, קיינ הויז,
געבליבנ אינ אַלטער שטאָל איז בלויז
א ציגעלע.

דער האָנ, דער ערדישער סאָלאָווײ,
האָט געטאָנ אינ הויפ זײַנ לעצטנ קרײ,
ווענ א דײַטש האָט געהאַנגענ די מאַמע
מיט אַנדערע מאַמעס צוזאַמענ,
אונ ווענ דער טאַטע האָט זיכ געוויגט
אפ א צווײַג פונ בוימ, אינ א שלייפ דערשטיקט,
באַמ גרויסנ אומגליק ווער איז געווענ,
ווער האָט דעמ גרויסנ אומגליק געזענ?
א ציגעלע.

אונ אפ א בייגעלע ווײַס פּאַפּיר
איז דער אומגליק דערפאָרנ צו איר...
אזוי האָט זיכ בײלקע אַלצ דערוווּסט,
די וועלט איז פּלוצעמ געוואָרנ פּוסט,
דאָס בריוועלע האָט געשריבנ צו איר
איר כאַווערטע נאַדיא — קומ צו מיר,
וועסט זײַנ מיר א שוועסטער, נאָכ מער,
אכוצ מיר, וויל, זאָלסט קומענ אַהער,
א ציגעלע.

קלאַפּנ די רעדער, אונ ס׳לויפט דער צוג,
באַמ פענצטער זיצט א מיידל אונ קוקט, —
זי פאָרט אַהיימ, עס ציט זי אַהינ,
ווײַל עפּעס האָט זי דאָרט אינ וואָלינ:
א כאַווערטע נאַדיא, וואָס וואַרט אפ איר,
א היימישער הימל, אַנ אייגענע טיר,
א ציגעלע — וואָס איז דאָס איר? ווער ווייסט?
א קינדער־לידל? א טרוימ? א טרייסט?
א ציגעלע.

# דער כאָלעמ

וויגט זיכ א לײדיק, אנ אומעטיק וויגל,
א כאַטע, א כאָרעווער ברעג,
עס פליענ פונ דעכער צעשאָסענע ציגל
אונ וויגנ דאָס וויגל — א שרעק.

וויגט זיכ דאָס וויגל, אונ ס׳ענטפערט ניט קיינער,
עס סקריפּעט אינ כאַטע די טיר,
די בלוטיקע טראָפּנס אפ שטויביקע שטיינער —
דעמ אומגליק דערציילנ זיי מיר...

וויגנ זיכ לײדיקע סעדער אונ שווײַגנ,
זיי זײַנענ פונ שווײַגנ שוינ מיד,
וויגנ אפ וועגנ זיכ נאַקעטע צווײַגנ,
זיי האָבנ פאַרלוירנ דעמ צוויט...

בלאָנדזשעט פאַרכוישעכט אפ איינזאַמע וועגנ
אנ איינזאַמער פאַליט דער ווינט,
אונ ס׳וויינט אפ די הענט פונ די ביימער דער רעגנ,
ווײַל ס׳וויינט ניט אינ וויגל דאָס קינד.

איכ האָב זיי געזענ, אי דעמ ווינט אי דאָס וויגל,
די סעדער, די כאַטע, די נאַכט,
אינ איינעמ א כאָרעוונ שטעטל זיכ וויגנ
נאָכ איינער א שרעקלעכער שלאַכט...

איצט קומט מיר צו כאלעמ דאס שטעטעלע ווידער,
אונ פול זײַנענ סעדער מיט צוויט,
אונ שטיבעלעכ שטייענ אפ גאסנ געברידערט,
אונ איכ בינ דארט אויכ אינ דער מיט.

וואס זע איכ? דאס וויגל דורכ ליכטיקע ווײַעס,
איכ לױפ צו צומ וויגל געשווינד.
— ס'איז גאר ניט קײנ כאלעמ, כאווײרימ, א כײַעס! —
עס ליגט שוינ אינ וויגל א קינד!..

## ס׳וועט א נײַער העלד געבוירן

אַטעמט שטילער! הערט, ווי ס׳ווירן
נײַע זאַפטן, נײַע קרעפטן.
ס׳וועט א נײַער העלד געבוירן,
קומט ער זיך אפּסנײַ באַהעפטן
מיט די קוואַלן, וווּ עס ווירן
שטאַרקע זאַפטן, אַלטע קרעפטן...

ס׳וועט א נײַער העלד געבוירן!

ניט פון פלאַם און ניט פון פײַער
הייבט זיך אויף דער העלד דער נײַער,
ס׳פאַלט קיין אַש ניט אַף זײַן שטערן,
אַף א פעסטן באָדן שטייט ער —
און אַרום זײַן וויג דער ברייטער
רוען איצט די ביקסן־רערן...

ס׳איז זײַן קינדהייט ניט פאַרצויגן
מיט קיין וואָלקן, און זײַן גורל
שפּיגלט זיך אין זײַנע אויגן
פון זײַן פרידלעכן געבוירן...

אַט־אָ גייט ער מיר אַנטקעגן
פון די אַלטע דניעפּער־ברעגן,
אַט־אָ שטייט ער אַף א מויער,
וואָס באַווײַנט האָט אַש און טרויער,
אַט־אָ זע איך אים שוין שפּאַנען
בײַ דעם אָנלאָד פון די באַנען,

אַט איז ער פארבײַגעגאנגענ
דורכ בירָאָבידזשאנער זאנגענ,
אַט איז ער פאָרבײַגעפאָרנ
דורכ אוקראַינער הויכנ קאָרנ...

אַטעמט שטילער! הערט, ווי ס'יוירנ
נײַע זאפטנ, שטארקע בלוטנ.
ס'ווערט א נײַער העלד געבוירנ,
ס'איז צומ גוטנ, ס'איז צומ גוטנ!

ס'גרייטנ ווײַנגערטנער שוינ ווײַנ אימ,
אונ א רעקל גרייט דער לײַנ אימ,
אונ דער וואַלד שוינ גרייט א הויז אימ,
אונ דער שטורעמ שענקט זײַנ ברויז אימ,

ס'גרייטנ וואָלקנס אימ דעמ רעגנ,
ס'גרייטנ פרוכטנ אימ די סעדער,
ס'זאָלנ דרייענ זיכ די רעדער,
ס'זאָלנ פרייענ זיכ די וועגנ...

# דער גלעזער

די סאָסנאָווע וועלדער
ווילנ וואקסנ העכער,
אונ די קראנקע הײַזער
ווילנ האָבנ דעכער.

אונ די פּוסטע נעסטנ
בענקענ נאָכ די טויבנ,
אונ די פּוסטע ראמענ
ווילנ האָבנ שויבנ...

גייט ארויס דער גלעזער —
ס'ווארטנ שוינ הײַזער.
ווי באַ דער אקאציע
איז זײַנ קאָפּ א גרײַזער...

גייט ארומ דער גלעזער
מיט זײַנ גלאָז דעמ ריינעמ,
רופנ אימ די קינדער,
רופנ אימ די זקיינימ...

— קומט ארײַנ, רעב לייזער!
— איכ וועל שפּעטער קומענ!
— קומט צו אונדז, רעב לייזער!
— איכ בינ שטארק פארנומענ!

אז ער דארפ אזוי פיל
הײַזער נאָכ פארגלאָזנ,
היימישער זאָל ווערנ,
ס'זאָל דער ווינט ניט בלאָזנ.

אז דער ליבער רעגנ
בלײַבנ זאָל אינ דרויסנ.
וויפל גוטע זאכנ
איז דער גלעזער אויסנ?

האָט א שטאָט א פּאָנעמ
מיט צעזעצטע פענצטער?
איז רעב לייזער טאקע
דאָ דער גאסט דער שענסטער,

מיטנ בעסטנ דימענט
שנײַדט ער גלאָז אפ שטיקער,
און דער דימענט, זאָגט מענ,
איז בא אימ דער איקער.

ווערט א ראמ א פּוסטע
מיט א גלאָז פארצויגנ,
ווערט בא טאטע־מאמע
ליכטיק אינ די אויגנ.

שטייענ קינדער רויק,
שטייענ בא די שויבנ,
זעענ, ווי אינ נעסטנ
קערנ זיכ די טויבנ.

זעענ, ווי די הײַזער
טוענ אָנ זיכ דעכער,
ווי סאָסנאָווע וועלדער
וואקסנ העכער, העכער!

## גוט־מאָרגן

פונעם איַיז־יאַם ביזן שוואַרצן
האָט דאָס לאַנד זיך אויסגעשפּרייט,
און די לאַנגע וועגן ליגן
מיט אַ היימישקייַט פאַרוויַיט.

אַלע וויַיטסטע שטרעקעס זיַינען
אַזוי נאָענט, אַזוי קלאָר,
זאָגט זשיטאָמיר: אַ גוט־מאָרגן!
ענטפערט מאָסקווע: אַ גוט־יאָר!

בויט מען אויס אַ הויז אין מיזרעך,
זעט עס מיַירעוו זייער גוט,
בריט אַ וווּנד אין סעוואַסטאָפּאָל,
קילט אין אוזשגאָראָד דאָס בלוט.

ווי איין ריזיקע מישפּאָכע
לעבט אין רוסלאַנד אונדזער דאָר.
זאָגט טבּיליסי: אַ גוט־מאָרגן!
ענטפערט גאָרקי: אַ גוט־יאָר!

הייבט זיך אויף דאָס ברויט אין דאָרעם,
ווערט מען זאַט אין צאָפן־קאַנט,
פון סיביר צו יאַלטער טרויבן
איז דערלאַנגען מיט דער האַנט.

טאַנצט דער נאַפט־קוואַל אינ באַשקיריע,
פרייט אינ מינסק זיכ דער מאָטאָר.
זאָגט כאַבאַראָווסק: א גוט־מאָרגנ!
ענטפערט קיעוו: א גוט־יאָר!

שטראָמט דער דניעפּער ברייט אונ רויק,
רופט די וואָלגע צו איר ברעג;
וואַרפט דער דניעפּער זיכ אינ שלאַכטנ,
גייט די וואָלגע אינ געשלעג.

פונ דעמ דנייעפּער מיט דער וואָלגע
ביז אַמור איז נאָר איינ שפּאַנ,
א גוט־מאָרגנ, לאַזאָוואַיאַ!
א גוט־יאָר, ביראָבידזשאַנ!

ווערט א קינד אינ בערג געבוירנ,
פרייענ מאַמעס זיכ אינ סטעפּ;
אונ עס לייגנ זיכ די בראָכעס
ווי דער טוי איבער די קעפּ...

אונ עס גריסט זיכ וואַלד מיט וועלדער,
אונ עס גריסט זיכ בריק מיט בריק.
א גוט־מאָרגנ, לאַנד פונ מאָרגנ!
א גוט־יאָר דיר, לאַנד פונ גליק!

# א באַלאַדע וועגנ א טויטער בריק און וועגנ א לעבעדיקנ מענטשנ

געקומענ איז דער אינזשעניער
באַרים סעמיאָניטש ברוק,
און אָפנ טײַך, וואָס וויגט זיך שווער,
האָט ער געטאָנ א קוק.

— דאָ איז אמאָל געווענ א בריק,
צי זעסטו, גוטער מענטש? —
האָט אים א ווײַז געטאָנ פונ ווײַט
א שטיק פונ א פאַרענטש.

— דאָ איז אמאָל געווענ א בריק,
דאָס ווייסנ גוטע לײַט! —
האָט א צעשפּאָלטענער א סטויפּ
פונ טײַך געטאָנ א טײַט.

— דאָ איז אמאָל געווענ א בריק —
די דערפלעכס און די שטעטס, —
האָט זיך צעוויינט דער ברייטער טײַך,
וואָס רופט זיך אינגולעצ.

דאָס האָט דער טײַך באַוויינט די טעג,
ווענ ס׳פלעגט אים פריילעכ זײַנ,
ווענ פאַרלעכ פלעגנ שפּיגלענ זיך
אינ דער לעוואָנע־שײַנ,

װען ייִנגלעך פּלעגן ראַשיק, גיך
זיך טראָגן פֿון דער שול
און ס׳פּלעגט די בריק זײ דורכלאָזן
מיט זומער־טומל פֿול...

געקומען איז דער דײַטש אין קאַנט
מיט אַ געשריי: „צוריק!
מע דאַרף קיין פּאַרלעך ניט, קיין שול,
מע דאַרף דאָ ניט קיין בריק!

מע דאַרף קיין זומער ניט, קיין שײַן״, —
האָט זיך צעברומט דער דײַטש, —
„און אויב מע דאַרף עפּעס אין קאַנט,
איז נאָר אַ שטאַרקע בײַטש...״

און ס׳האָט געטאָן די בײַטש אַ פֿײַף
מיט פֿײַער און מיט ברען.
איצט פֿליסטערן די כוואַליעס נאָר:
דאָ איז אַ בריק געווען...

געקומען איז דער אינזשעניער
באַרים סעמיאָניטש ברוק,
און ס׳האָט מיט װײטעק דער פּאַרענטש
געטאָן אױף אים אַ קוק.

אַ טוק אין טײַך, אַ שפּרונג צום סטויף,
און מ׳האָט דערזען: „ער גייט״.
ס׳האָט זיך אין יענער גרויסער שאָ
דער גאַנצער קאַנט דערפֿרייט.

דער גאַנצער טײַך? דער גאַנצער ברעג?
ווי זאָגט מען: קינד־און־קייט!
ס׳האָט זיך אין יענער גרויסער שאָ
דער גאַנצער קאַנט דערפֿרייט,

דער מענטש, וואָס ווערט פֿון מי ניט מיד
שוין קאַרגע דרײַסיק יאָר,
דער מענטש, וואָס טראָגט אַף זיך דעם אָל
פֿאַר זיך און פֿאַר זײַן דאָר.

ער איז געקומען צו דעם ברעג,
באַרים סעמיאַניטש ברוק,
ער האָט א קוק געטאָן אין טײַך,
און פֿונעם ערשטן קוק

האָט ער דערזען ווי אַלע מאָל:
ס׳וועט זײַן א גרויסער קריג,
מ׳האָט אים נאָך קיינמאָל ניט דערלאַנגט
אַף טעלערלעך דעם זיג...

דערצו איז ער דאָך ניט אַליין,
ס׳איז דאָך א קלאָרע זאַך:
אוועק זײַנען צו יענעם טײַך
ווי ער א סאַך, א סאַך.

איך בין געווען אין יענעם קאַנט,
געווען אַף יענער בריק,
איך האָב אַליין געדריקט די האַנט
דעם אַלטן באָלשעוויק.

איך בין געשטאַנען אַף דער בריק,
געלענט אַפן פּאַרענטש,
און האָב געקלערט: געלויבט זאָל זײַן
דער שאַפֿנדיקער מענטש!

# אפ דער בירע

אכ, איז דאָס א טײַכ, די בירע!
קוקט נאָר אָנ די כוואַליעס אירע,
ווי זיי שטיפנ בא די ברעגנ.
ניט קיינ ברעגנ — א פאַרמעגנ!

טוט א קוק מיט מײַנע אויגנ
אפ די ברעגנ פונ דער בירע,
ס'וואַקסט א דירע לעמ א דירע,
אונ אָט שפרייט זיכ שוינ א גאָרטנ,
אונ א צווייטער, אונ א דריטער,
אונ לעמ סאָפקע — אָט־אָ דאָרטנ,
שײַנט א טעפיכ א צעבליטער,
אפנ טעפיכ וואַקסט א יִשעוו,
קומט א מענטש א ניט־געניטער, —
קאָנ זיכ דאַכטנ, אַז ס'איז קישעפ!

אכ, איז דאָס א טײַכ, די בירע,
קוקט נאָר אָנ די פישער אירע.
ווי זיי זיצנ אויסגערוטע,
אינ דער פרײַער זונ געקוטעט,
אונ זיי קוקנ אינ די טיפנ,
ווי די שפיגל־קאַרפנ שטיפנ
אינ דער וואַסער־קעלט דער פרישער,
אײַ, די פישער, אײַ, די פישער!
אינ בערדיטשעווער שטיוואַלעס,
העמדער גראָמע, אויסגענייטע,
אוקראַינער הויזנ ברייטע,
אונ מיט בערד, ווי ווײַסע כאַלעס,

סאַפּקעס קוקנ דורכ די ברעמענ,
ביימער פאָכנ, ווי מיט פליגל:
מאָדנע מענטשנ, נײַע נעמענ
רודערנ דעמ וואַסער־שפּיגל.

אונ די העכט מיט אויגנ־שפּיזלעכ
ריזלענ דורכ, אונ ס'דוכט, זיי פרעגנ,
צי ס'איז נאָכ דער ווײַטער מיזרעכ,
צי ס'איז גאָר די דניעפּער־ברעגנ.

אַכ, איז דאָס א טײַכ, די בירע!
קוקט נאָר אָנ די פּליטנ אירע,
זעט נאָר, ווי די שטראָמענ פירנ
מאָרגנדיקע ווענט אונ טירנ!
איכ וועל קיינמאָל ניט פאַרלירנ
אירע רייכעס אונ קאָלירנ,
אירע גענג, די ביינדלעכ אירע...
עכ, איז דאָס א טײַכ, די בירע!

# פעלדער דזשאַנקויער

מענאַשע טעפּליצקי, דער ייִדישער פּויער,
איז ווידער באַ זיך אױף די פעלדער דזשאַנקויער.

ער זיצט מיט זײַן פעסל באַ זיך אין דער כאַטע,
און ס׳הייבן פון קומען זיך רייכן פּאַטלאַטע.

ער האָט איר דערציילט פון די קורסקער געשלעגן,
זי האָט אים דערציילט וועגן צוגן און וועגן.

ער האָט איר דערציילט וועגן אויפרײַס פון בריקן,
און זי — וועגן רוישיקע פולע אַריקן...

און הינטער די פענצטער דערציילט האָט זיי ביידן
אַ ברונעם, וואָס פול איז מיט בלוטיקע ליידן...

דאָס וואַסער האָט קיינער שוין לאַנג ניט געטרונקען,
דאָס וואַסער — אַלץ טיפער און טיפער געזונקען,

אין ברונעם אין טויטן אויף פעלדער דזשאַנקויער
עס קוועלט ניט קיין וואַסער — עס וויינט דאָרט דער טרויער,

דער טרויער, וואָס האָט פון די קינדערשע אויגן
געטריפט, ווען זיי זײַנען אין ברונעם געפלויגן...

מענאַשע טעפּליצקי האָט אויך דאָ זײַן כיילעק,
פאַר אים איז דער ברונעם אַ טײַער אַ הייליק...

מענאַשע טעפּליצקי, דער ייִדישער פּויער,
האָט אויך אין די אויגן צוויי טראָפּעלעך טרויער.

נאָך ער, דער געזעצטער דער ייִדישער פּויער,
איז ווידער בײַ זיך אויף די פעלדער דזשאנקויער...

דאָס איז זײַן ניצאָכן, דאָס איז זײַן נעקאָמע,
עס בליִען די פעלדער ווי פאַר דער מילכאָמע,

און ס'פּאַלגט אין דער זאַנג און ווערט העכער און העכער
און ס'פּאַלגט אין דער ווײַן, וועלכער טריפט אינעם בעכער...

און ס'פּאַלגט אין די קו, ווען ער הייסט זיך איר מעלקן,
און ס'פּאַלגט אין די ערד, ווען ער הייסט איר ניט וועלקן.

און ס'פּאַלגן מעכאַנישע די שעפּסן־טאַבונעס
און קומען ניט טרעטן דאָס גראָז אַרום ברונעם...

# אינעם יאר דעם קאלטן

פערדלעך לויפן דורכן יאר,
דורכן יאר דעם קאלטן,
ס'האט די פינטעלעכע געפאר
לאנג זיך דא געהאלטן.

ס'פלעגן ליגן בא דעם שליאך
בערגלעך ווי די בערלעך,
פארן דורכן יאר באנאכט
איז געווען געפערלעך.

פלוצעם פלעגט א בערגל — „שטיי!" —
שרייען צו די פארער...
אין באגינענדיקן שניי
פלעגט דאס בלוט זיין קלארער.

פערדלעך לויפן דורכן יאר,
דורך דעם יאר דעם קאלטן,
ס'האט אמאל זיך די געפאר
אינעם יאר באהאלטן...

היינט פארהאלט זיך דא א רויך
און א ווייסער ווינטער,
ס'זיינען יעלן אין דער הייך
ווינטער נאך צעגרינטער...

ס'איז אנטלאפן די געפאר,
ס'איז די צייט געקומען
האבן רעלסן מיטן יאר
זיך ארומגענומען.

ניין! מיר האָבן זי געבראַכט,
אַט די צנויט די פרישע,
דאָרט, וווּ ס'האָט געהערשט די נאַכט,
הערשט א נייער ישועה.

מיט די רעלסן לויפט א באַן
דורכן יאָר דעם גרינעם,
ס'זיינען מענטשן שוין פאַראַן —
קינדערלעך דעריבער.

ביינער פון א טויטן פערד
שרעקן נאָך די קינדער,
נאָר עס דרייט זיך שוין די ערד
פרייער און געשווינדער.

# אויצרעס

פעלדער סאוועטישע, זאנגיקע, וואגיקע,
לויטערע רעגעס, ווי גלאז,
פרישקייט באנאכטיקע, טויענע פארטאגיקע
אטעמען שטיל אפן גראז...

שניטער פארפארטע שפאנען צעפארעטע,
ס'שמעקן די וועגן מיט שניט,
טראגט זיך ארום אין א גאלדענער קארעטע
אונדזער געמיט אין דער מיט...

פעלדער סאוועטישע, ניט קיין צעשפליטערטע,
ניט קיין געקעסטלטע, ניין! —
האבן פארגעסן שוין יארן פארביטערטע,
יארן פון נויט און געוויין.

הוידען, ווי שייטערס, די פעלדער און וויגן זיך,
ס'וויגט זיך די ווייצענע וועלט,
זאנגען מיט זאנגען געראטענע קריגן זיך,
ווער איז דער בכאר אפן פעלד?

ווער זאל דער ערשטער מיט פעלד זיך געזעגענען
און אינעם שייער ארייַן,
ביז ס'וועט דער רעגן פון הארבסט זיך צערעגענען,
טאר שוין קיין זאנג דא ניט זייַן.

פעלדער סאוועטישע, זאפטיקע, ברויטיקע
הוידען זיך, סוידען זיך, ביז
אויצרעס צעוואקסענע, זאטקייט גאלדהויטיקע
פאלן אליין צו די פיס.

פעלדער סאָוועטישע, ווייצענע קאָרענע
בײַטנ אינ האַרבסט זייער הויט.
שניטער אונ שניטערנס, ווי נײַ־געבאָרענע,
פאָרנ אפ פורנ מיט ברויט...

פאָרנ די פורנ אפ וועגנ פאַרכמאַרעטע,
שמעקנ די ווינטנ מיט שניט,
אונ אינ דער מיט איז א גאָלדענער קאַרעטע
אונדזער געמיט...

## הינדע מיט די הינדעלעך

אויף בוידעם שלאָפט א דאַך
צוגעדעקט מיט שינדעלעך,
און אין דרויסן, אויף שליאַך —
הינדע מיט די הינדעלעך.

ס'איז די וועלט פאַר הינדען קלאָר,
ווי איר מאַמעס גערטעלע.
ס'גייט איר שוין דאָס צווייטע יאָר, —
דאָס איז ניט קיין ווערטעלע!

קוקן הינדעלעך: ס'איז גרויס
הינדע, קיין אײַנהאָרע ניט,
און זיי טראָגן זיך פאָרויס —
זיי, די נײַ־געבאָרענע...

ס'לעבט זיך הינדען — כּײַ־געלעבט,
גאָר ניטאָ קיין וואָכנטעג,
אַט די הון — זי שפּאַנט, זי שוועבט,
פּיקנדיק און קוואָקענדיק...

און פון פאָרנט שפּאַנט דער האָן
מיטן רויטן קעמעלע,
ער האָט ליב דעם אויבנאָן,
ער איז ניט קיין לעמעלע...

ס'איז שוין איינמאָל א פאָרפאָלק,
נאָר צוזאַמען שפּאַנען זיי,
און דאָס גאַנצע הינער־פאָלק
איז שוין לאַנג מעקאַנע זיי...

הינדע קוקט אױף זיי און לאַכט:
קינדער מײַנע, קינדערלעך,
אינעם דרויסן, אױפֿן שליאַך —
הענדעלעך און הינדעלעך.

אױפֿן בערגל און אין טאָל —
קופּקעלעך צעשקראַבעטע;
דאָרטן װעט מען אַלע מאָל
פֿערעלע די גאַבעטע...

זי קאָן פּיקן גאַנצע טעג,
אױף די מיסטן שטײענדיק,
זי — זי װײסט ניט פֿון קײן שרעק,
ס'מעג אַפֿילע, קרײענדיק,

ער, רעב הענעכל אַלײן,
רײַסן איר די פֿעדערן,
זי װעט זיך אַ קאַלטע שטײן,
שמײכלענדיק צו יעדערן...

נאָר װען הינדע גיט אַ רוף,
װערן װאַך די קינדערלעך,
הײבן זײ זיך אַלע אױף,
הענדעלעך מיט הינדעלעך...

ס'לױפֿן הינדלעך מיטן װעג,
קװאָקען צו איר: מאַמעשי!
און עס מעקט זיך דער פֿאַרמעג
דער ביראָבידזשאַנישער...

װען עס טוט די נאַכט אַ פֿאַל
אױפֿן דאַך פֿון שינדעלעך,
שלאָפֿן צו אַן אױװנ אין שטאַל
הענדעלעך און הינדעלעך.

# א צווילינג

איר פרעגט מיכ, וואָס איכ פריי זיכ,
איר שטעלט זיכ גאָר ניט פאָר,
די שיינע מיינע, רייזיע,
געבוירנ האָט א פאָר,

צוויי כיעסדיקע באָנים,
גיבוירים יונגעלייט,
צוויי פענעמלעכ — לעוואָנעס,
זיי לויכטנ פונ דער ווייט,

מע דריגעט מיט די פיסלעכ,
מע סמאָטשקיעט מאָלע־כיינ,
צוויי נעזלעכ ווי די ניסלעכ,
צוויי מיילעכלעכ אָנ ציינ...

עס גליעט דער ווינט פונ פרילינג
די אינדזיעלעכ פונ האָר,
זיי ליגנ ווי א צווילינג,
נאָר איינער איז א בכאָר.

ער איז פונ ברודער עלטער
מיט גאַנצע צוויי מינוט,
ער איז טאַקע געשטעלטער
אונ ווייסט שוינ, וואָס ער טוט,

אונ קוקט ער אָפ דער מאַמע,
פאַרשטייט זי, וואָס ער וויל,
א קאָל האָט ער אַזאַ מינ,
ס'איז גוט, ווענ ער איז שטיל...

איר פרעגט מיכ, וואָס איכ פריי זיכ,
איר שטעלט זיכ גאָר ניט פאָר,
די שיינע מײַנע, רייזע,
געבוירנ האָט א פאָר...

צוויי כועסדיקע באָנים,
גיבוירים יונגעלײַט!
אונ ס׳שפּאַנענ מעכוטאָנים
פונ נאָענט אונ פונ ווײַט.

עס הוידעט זיכ דער גאַנעק
אונ ס׳טרייסלט זיכ דער דאַכ
פונ גוטע ווינטשעוואַניעס,
פונ מאַזלטאָווס א סאַכ.

ס׳קומט איינע מיט אַנ אייצע,
די צווייטע — מיט א שטאָכ.
צוויי קינדערלעכ? פאַרשטייט זיכ...
ס׳איז נאָכ א קנאַפּער יאָכ.

די דריטע מיט א ניגנ
צום וויגל זיכ פאַרנייגט,
אונ איינע שטייט באַם וויגל
אונ שפּרעכט שוינ א „גוט־אויג״...

אונ העכער שרײַט א שכיינע,
א דינע ווי א שטרוי:
— מע באָדט אזוי ניט קיינעמ!
— מע וויקלט ניט אזוי!

די מאַמע וואָרקעט פרייל֜עכ,
דער טאַטע וויגט די וויג
אונ שמייכלט ווי א מיילעכ,
א מיילעכ נאָכ א זיג...

די מיידלעכ ברענגענ בלומענ,
ס׳איז אפנ האַרצנ גוט:

ס'איז עפּעס צוגעקומען
אויך מיר אין דער מינוט!

איר פֿרעגט מיך, וואָס איך פֿריי זיך,
איר שטעלט זיך גאָר ניט פֿאָר,
די שיינע מײַנע רויזיע,
האָט אונדז געשענקט א פּאָר!

## איינס... צוויי...

איינס, צוויי, דריי, פיר,
לויפט א ווינט פון טיר צו טיר,
פליט א ווינט פון דאך צו דאך,
רופט די קינדער אפן שליאך,
שפאנענדיקע קינדער אפן שליאך,
איינס, צוויי, דריי, פיר.

איינס, צוויי, דריי, פיר,
שווימט די זון פון שוועל צו שוועל
אין א גאלדענעם שינעל.
שווימט די זון און פרישט און בריט
זון און גערטנער, ווינט און צוויט,
און די קינדער אין דער מיט...

איינס, צוויי, דריי, פיר.
אומעטום איז לויטער, גרין,
פונעם שלאף שטייט אוף די בין,
מיט א פרישן טשיק־טשיריק
פליט דער פויגל הין און צוריק,
זינגט הערבעי זיין נייע ליד:

טייכן זיינען ניט געשמידט,
און זיי שטראמען ברייט און פריי!
פעלדער, קינדער, זון און מיי,
גאסן, פאנען, מיי און מיר,
איינס, צוויי, דריי, פיר.

# זינגענ זאנגענ

זינגענ זאנגענ בא די וועגנ!
ס'גייט א רעגנ, ס'גיסט א רעגנ,
ס'פליט א רעגנ פײַל פונ בויגנ,
זינגענ זאנגענ, זאנגענ זויגנ
דורכגעבליצטע, דורכגעשטראלטע
רעגנ־טראָפּנס, שווערע, קאלטע,
א געזאנג גייט איבער וועגנ,
ס'גיסט א רעגנ, ס'פליסט א רעגנ!

אפ די בארנ ליגט א כמארע,
פונ די עפּל גייט א פּארע,
ס'זעצט א פרישקײַט פונ די בלעטער,
אָט, א וועטער! נו, א וועטער!
צווײַגנ קוקנ אויסגעצוואָגנ,
קאלעדיק, אזוי צו זאָגנ.

פול מיט וואסער ווערנ טאָלנ,
טײַכנ ווערנ אָנגעדראָלנ,
ס'וואשנ בערג די קעפּ אונ קוועלנ,
ס'ווייסט דער רעגנ ניט קיינ שוועלנ,
מיט די פּיס די לאנגע, דינע
פליט ער איבער פעלדער גרינע.
אונ דער רעגנ ווערט ניט מאטער,
אונ די ערד — זי ווערט ניט זאטער...

שעפּטשענ ביימער, שעפּטשענ בלומענ:
זאָל ער אָפטער, אָפטער קומענ!
אי די זאנגענ אי די גראָזנ
זאָל דער רעגנ ניט פארלאָזנ.

# הי

װעלדער פול מיט סמאָלע,
סעדער פול מיט צװיט,
כ'דינג א באלעגאָלע
לויטנ אלטנ שניט.

קומ איכ אָנ קיינ באלטע,
װוּ דער זאמד איז שװער,
זונ — אינ טראָפּנס קאלטע,
פינקלט װי א טרער.

פאלט די טרער אינ קאָרנ,
װערט דאָס קאָרנ הויכ,
צו די הימל־קלאָרנ
גייט פונ דר'ערד א רויכ...

קומ איכ קיינ פאָלטאװע,
פרייענ מײַנ געמיט
מיידלעכ קוטשעראװע,
לאָקנדיקע טריט...

טראָגט זיכ א געלעכטער
לויטער װי בורשטינ,
טעכטער מײַנע, טעכטער,
באָנימ מײַנע, זינ!

פאָר איכ, קומ איכ װידער
אינ א קאנט א פראכט,
װוּ אופ קידער־װידער
זײַנענ טאָג מיט נאכט.

טיפ אינ נאכט, אינ נעפל
איבער יעדנ ראָג —
דורכזיכטיקע עפל
אָנגעפילט מיט טאָג...

קומ איכ קיינ זשיטאָמיר,
אונ דער וועג איז גלייכ,
אָנטרינקענ זיכ לאָמיר,
טעטערעוו — מיינ טייכ,

מיילנ, מיילנ, מיילנ
שוינ ניט וויט דער בוג...
וויל איכ זיכ ניט איילנ,
פאָר איכ מיר אונ קוק...

ווי אפ יעדער שעטעכ
פונ מיינ גרויסער היימ
שמעקט מיט פרישע ברעטער,
מיט געשמאקער ליימ...

אלע אומעטומענ
שמעקנ מיט גאנצפרי,
ווו איכ זאָל ניט קומענ,
בינ איכ שטענדיק הי.

# מאָסקווע

מאָסקווע! מאָסקווע! טרוים פֿון דורות, פֿרײַנט פֿון פֿרילינג,
נעסט פֿון זינגען!
ס׳יאָגט מיט אייביקייט מיט הויכער פֿון די רויטע קרעמל־ציגל,
ס׳טראָגט מיט פֿײַער און מיט שטורעם פֿון די פֿלאַמיקע רובינען,
און פֿון אַלע דײַנע ווינקלען ווייט מיט שטענדיקן באַגינען!

מאָסקווע! וווּנדערלאַנד מײַנס — נאָך אַזאַ איז ניט פֿאַראַנען,
ביסט אונדז טײַער מיט דער ברייטקייט פֿון די מענטשן־אָקעאַנען,
מיט דער אַלטקייט, מיט דער יוגנטקייט, מיטן שפּילנדיקן דרויסן,
מיטן רויש און מיט דער שטילקייט פֿונעם מאָסקווע־טײַך דעם גרויסן!

שאַרפֿן שווערדן די גאַזלאָנים, וואַקסט די סינע בײַ די רויבער,
און אַפּסנײַ עס ברענט און בראָט זיי אונדזער קראַפֿט און אונדזער
זויבער,
און זיי וואַכן בײַ דער גרענעץ, און זיי האָפֿן, און זיי וואַרטן,
נאָר זיי וועלן זיך דערוואַרטן אַפֿן סאָף פֿון באָנאַפּאַרטן!

אַפֿן סאָף פֿון אַלע סאָנים, אַפֿן סאָף פֿון אַלע סאָפֿן,
אַפֿן סאָף פֿונעם יעפֿרייטער אינעם גומען שניי פֿון צאָפֿן,
זאָל מען זיך אין ניו־יאָרק היצן, זאָל מען זיך אין לאָנדאָן קאָכן,
מאָסקווע! מאָסקווע! דו אַליין נאָר האָסט דעם שליסל פֿון ניצאָכן!

ניט אין העלדזער פֿון האַרמאַטן יענער שליסל ליגט באַהאַלטן,
ניט אין סייפֿן ליגט דער שליסל אויסגעשמידט פֿון שטאָל פֿון קאַלטן,
אויסגעפֿינען יענעם שליסל קיין שום סוינע וועט ניט קאָנען,
און דעם סאָד פֿון גווורע זײַנער ווייסן הונדערטער מיליאָנען!

מאָסקווע! מאָסקווע! פֿון דײַן אָטעם וואַקסן שטעט איבער די סטעפּעס,
דיך באַזינגען די אַשוגן אינעם אוראַלט־יונגן עפּאָס,

פונ דײַנ אָטעמ ווערנ ייִנגער אלע ערדנ, אלע צײַטנ,
אונ דער ווײַנטרויב הייבט אָנ בליִענ אפנ צאָפנ אפנ ווײַטנ...

אונטער דײַנע רײַכע ערדנ — זאלנ מעטראָפּאָליטענער,
אונטער דײַנע קלאָרע הימלענ — דײַנע פרויענ, דײַנע מענער,
דײַנע שיפנ אפ די טײַכנ, אפ די רוישנדיקע יאמענ,
ניט קיינ איינז אונ ניט קיינ שטורעמ קאָנ דעמ וועג דיר ניט פארצאמענ!

ס'טרוימט דער נעגער זײַנ אינ מאָסקווע, אָטעמענ מיט מאָסקווער וועגנ,
דער כינעזער טרוימט פונ מאָסקווע אינ די נעכט פונ די געשלעגנ,
אונ דער פרײַער זונ פונ שפּאניע, אפ די גאסנ די מאדרידער,
טרוימט א זונג טאָג שוינ אפ שפּאניש די בארימטע מאָסקווער לידער...

מאָסקווע! מאָסקווע! וויפל אויגנ ווערנ פול מיט יונגנ פײַער,
וויפל הערצער נעמענ שלאָגנ מיט א מונטערקײַט א פרײַער,
ווענ דײַנ רופ אונ ווענ דײַנ וואָרט נאָר טוט א הילכ אונטער די שטערנ,
ווער קאָנ שטערנ אונדז צו זיגנ, אונדזער יאָמטעוו ווער קאָנ שטערנ?

ס'קומט דער יאָמטעוו ווי א ווײַט נאָר, ווי א וועלט נאָר, ווי א ווינקל,
ווענ דײַנ נאָמענ טוט א קלונג נאָר, טוט א בלענד נאָר, טוט א פינקל,
שײַנט די זונ אפ אלע וועגנ, ביז די נאכט נעמט זי פארטרינקענ,
נאָר דײַנ זונ איז אופגעגאנגענ אפ שוינ קיינמאָל ניט פארזינקענ!

# שפראכנ

דער טונגוס האָט ליב טונגוסיש,
אונ קאזאכיש — דער קאזאכ,
מער פונ אלצ איז ליב אונדז רוסיש,
ווײַל ס'איז מערער פונ א שפראכ.

כ'בינ מיט ייִדיש דורכגעפאָרנ,
ווו א לאנד אונ ווו א קאנט,
כ'בינ שוינ אלט א שאָק מיט יאָרנ,
ייִדיש איז מײַנ רעכטע האנט.

כ'האָב די שפראכ .ארײַנגעזויגנ
אינ מײַנ בלוט נאָכ קליינערהייט,
זעענ אויס הײַנט מײַנע אויגנ
ווי צוויי סאמעכס אינ דער ברייט...

איכ אלײנ בינ ווי א זײַענ
אפ א בייגעלע פאפיר,
נאָר ווענ ס'פעלט מיר אויס קלײזײַענ,
קומ איכ נאָכאמאָל צו איר,

צו דער שפראכ פונ פושקינס לידער,
צו דער שפראכ פונ לענינס רופ,
זי דערנע'נטערט, זי פארברידערט
אלע פעלקער אונ הייבט אופ

ניט קײנ אלטנ באָוול-טורעמ,
וואָס פארפרעמדט אונ וואָס צעשיידט,
ס'איז די שפראכ פונ רוסלאנדס שטורעמס,
רוסלאנדס צאָרנ, רוסלאנדס פרייד.

כ׳האָב געהערט אין ענגלאַנד ענגליש,
כ׳האָב אין אפריקע געהערט,
ווי פאַרשיידן ס׳קלינגט דאָס ענגליש
אַף דער ענגלשדיקער ערד.

כ׳האָב דעם וויטעק בא אַ שוואַרצן
מיט דער „פּאָליושקע" געהיילט,
ס׳איז אים שטאַרק געווען צום האַרצן
אַט די ליד. זי האָט דערציילט

מיט ברייטפעלדערדיקע קלאַנגען,
וואָס דערלאַנגען ביזן בין,
ווי דער רוס איז שוין געגאַנגען,
ווי דער נעגער דאַרף נאָך גיין...

זאָל זיך פּיעסטען, זאָל זיך כוואַליען,
זאָל אונדז קלינגען יונג און פריש
איטאַליעניש אין איטאַליע
און פראַנצויזיש אין פּאַריזש.

קרויוויש קלינגט פאַר מיר טונגוסיש —
ברייטשיסדיק איז דאָס געזאַנג,
מער פון אַלץ איז ליב אונדז רוסיש,
ליב און טײַער שוין פון לאַנג.

פון אַמאָל נאָך, פון אַמאָל נאָך,
נאָר באַזונדערס הער איך קלאָר,
ווי ס׳קלינגט רוסיש בא דעם סמאָלני
אינעם זיבעצנטן יאָר...

# אינ פלי

מיר פליענ, אונ ס'פליענ די כמארעס באנאנד,
אונ ס'פליענ די פויגלענ פונ אונטנ,
אונ ס'פליט אונטער אונדז דאס צעבלעטערטע לאנד
מיט אלע צעהוידעטע גרונטנ.

מיר פליענ, אונ ס'פליענ די רעגעס פארבײַ
ווי לופטיקע קרוגנ מיט בלויקײַט,
אונ ס'ווערט אזוי גרינג, אז אפילע דאס בלײַ
פונ וואלקנס צו וואלקנס ווי טוי גייט...

מיר פליענ, נאר ס'ציט מיכ צוריק אפ דער ערד, —
די דראטנ, די פלויטנ, די שפאלנ,
די וועלדער מיט גרינע צעפאטלטע בערד,
די סעדער אינ פארביקע שאלנ...

די רויכנ, וואס מיינענ, אז אויבנ איז גוט
אונ לײַענ בא ווינטנ די פליגל,
אפ גרוילעכ אונ אומעטיק, שטיל אונ בארוט
כאטש העכער די דעכער זיכ וויגנ...

די רויכנ — זיי ברענגענ מיר פרייד אנ א ברעג,
איכ פלעג זיי ניט קאנענ פארטראגנ,
הײַנט זײַנענ זיי גרוסנ פונ זיכערע טעג,
וואס וועלנ ניט אופהערנ טאגנ...

דאס מעלדנ די קוימענס דער דארשטיקער הייכ,
וואס איז מיט דער ערד ניט פארבונדנ;
ווענ ס'גייט א געזונטער, געלאסענער רויכ, —
א סימענ: ס'פארהיילנ זיכ וווּנדנ.

א סימענ, מ׳האט זיכ שוינ אהיימ אומגעקערט,
מע הייצט שוינ דעמ אויוונ, א כיעס,
אונ די, וועלכע לעבנ, איז ווידער באשערט
צו פילנ די זונ אפ די וויעס...

עס האט מיר דער רויכ דער געשמאקער פארשמעקט
אונ ציט מיכ אינ נידער אונ נידער,
איכ האב אינדערלופטנ די הענט אויסגעשטרעקט
די ערד־קויל ארומנעמענ ווידער...

## לעכאַים!

— לאַמאָוועס! — האָט געזאָגט דער פֿײַנט.
און מיר האָבן געזאָגט: לעכאַים!
מיר האָבן ווידער אופֿגעשײַנט
מיט נײַער קראַפֿט, מיט שטאָלץ מיט נײַעם.

און ס׳האָט דער פֿײַנט זיך אויסגעפֿײַנט
מיט פֿײַערלעכער גאַזלעוואַיע,
וואָס האָט פֿאַרביטן אים די שײַן
אין אויגן רויבערישע, בלויע...

— לאַמאָוועס! — האָט געפּויקט זײַן בלײַ.
— לעכאַים! — האָט די ערד געשריִען,
נאָך אַלע אומגליקן — אַפּסנײַ!
צעפּרוכפּערן זיך און צעבליִען!

— לאַמאָוועס! — האָט געדראָט א קאָל
אַף שוואַרצע טאַנקען אופֿגעטורעמט,
— לעכאַים! — איינס פֿאַר אַלע מאָל, —
האָט אונדזער רוף אין לאַנד געשטורעמט!

**דער סוינע הענגט שוין אַף א שטריק,**
און נאָר באַנאַכט מיט גרויע סאָוועס
ער עפֿנט נאָך אַן אויג, אין בליק
פֿלאַמט ווידער אוף דער רוף: לאַמאָוועס!

— לעכאַים! — גריסט זיך פֿעלד מיט פֿעלד.
— לעכאַים! — שליסט זיך העלד מיט העלד!
— לעכאַים, ברודערל, לעכאַים!

— לעבאָים! — קוויקן זיך די שטעט,
— לעבאָים! — וויטען זיך די וואַגנען,
און ס'גייען ווידער אין געוועט
די ביינערבאַרענע געזאַנגען,
וואָס ווייסן ניט קיין צוים, קיין מאָס,
ס'ווערט פול די זון מיט גאָלד מיט ביינעם,
די ערד הייבט אויף איר גרינעם קאָס:
— לעבאָים!

# ס'איז גוט צו לעבנ אפ דער וועלט

איכ זאָג עס נאָכאַמאָל אונ ווידער:
ס'איז גוט צו לעבנ אפ דער וועלט!
עס ווערט אונדז קיינמאָל ניט דערווידער
דאָס שורשענדיקע גראָז אינ פעלד,
דער רײַפער עפּל אפ די צווײַגנ,
וואָס בענקט שוינ נאָכנ מיידלס קויש,
פונ ברעגנ אוראַלטע דאָס שווײַגנ,
פונ כוואַליעס אוראַלטע דער רויש...

איכ זאָג עס נאָכאַמאָל אונ ווידער:
ס'איז גוט צו לעבנ אפ דער וועלט,
איכ הער, ווי בינענ זינגענ לידער,
אונ אָט דאָס זינגענ מיר געפעלט...
נאָר ס'טרעפט, איכ זע אונ קאָנ ניט גלייבנ,
וואָס קומט דאָ פאָר, פאַרשטיי איכ ניט:
א ריז א בופלאָקס ליגט אינ שטויבנ,
א גאָלדנ באָבעלע — אונ פליט!

כ'האָב ליב דעמ בליצ, כ'האָב ליב דעמ דונער,
כ'האָב ליב דעמ רעגנדיקנ גוס,
ווענ טיפ אינ הארצנ שײַנט די זונ נאָר
אונ ס'איז די ערד אינ דײַנ רעשוס.
איכ זאָג עס נאָכאַמאָל אונ ווידער:
ס'איז גוט צו לעבנ אפ דער וועלט!
ווענ פונ דער הייכ אונ ביז דער נידער
איז אַלצ אינ קאָנ אַרײַנ געשטעלט.

# אלעס... אלעס...

טעפּיכער אוזבעקיסטאנער,
ווײַנטרויבנ אדזשאריסטאנער,
קלאָרע ווײַמנ טורקעסטאנער,
בערג און טײַכנ פונ אוקרײַנע,
אלע זײַט איר מײַנע, מײַנע!

ווײַטע זינגענדיקע שטעטלעכ,
ווערסטנ טויזנטער אָנ דאלעס,
דערפער טויזנטער אָנ בעטלערס,
אלצ איז אונדזערס, אלעס, אלעס.

גרינע וועגנ קאזאכסטאנער,
לאָמפּנ הויכע סטאלינסטאנער,
די בערעזעס אינ קארעליע,
אלע כאָרנ און קאפעליעס,
אינ די וועלדער בא די האפנס,
אלע לידער, וואָס מיר שאפנ,
און דאָס ברויט אפ פעלדער גרינע
און פונ טײַכנ די בורשטינענ,
אומעטום אפ אלע וועגנ,
אונטער לעגינס הימלענ קלאָרע
ליגט צעוואָרפנ מײַנ פארמעגנ...
שוטפים האָב איכ קיינ אײַנהאָרע
אינ די צענדליקער מיליאָנענ...

פאָנענ! פאָנענ! פאָנענ! פאָנענ
שיינענ אויכעט אינ דער פינצטער.
פאָנענ מאָסקווער, פאָנענ מינסקער,
פאָנענ קיִעווער אונ ריגער —
אומעטום בינ איכ אַ היגער!

פלוימענ גרויסע מאָלדאוואנער,
ראָזשינקעס טאדזשיקיסטאנער,
פעלעכלעכ טורקמעניסטאנער,
שיינע מיידלעכ ערעוואנער,
קינדערלעכ בירָאָבידזשאנער,
הויכע שיפנ, ווייטע באנענ,
קאנטנ — ליכטיקע גאניידנס,
אזא קראפט איז ניט פאראנענ,
וואָס זאָל מיכ מיט אייכ צעשיידנ.

# צינדט אָנ פײַער!

זאָל זײַנ ליכטיק!
צינדט אָנ פײַער!
קומט באגעגענענ דאָס נײַ־יאָר,
עפנט אופ די פלעשער ווײַנ,
גיסט די גלעזער אָנ, די קויסעס,
לאָמיר טרינקענ פאר דער שײַנ,
וואָס אינ וואָגלענישנ גרויסע
האָט געלויכטנ אונדז אינ וועג,
אינ די גרויזאם־שווערע טעג.

לאָמיר טרינקענ פאר די ברידער,
וואָס געלעבט האָבנ אינ שלאכט
אונ זיי קערנ אומ זיכ ווידער
פונ דער שלאכט ניט אָפגעשוואכט.
טיפ ארײַנ אינ זיי דאָס פײַער
פונ דעמ הייליקנ געשלעג,
אָט דאָס פײַער איז אונדז טײַער
ווי דער טײַערסטער פארמעג,
מיטגעבראכט מיט זיכ דאָס פײַער
אונ דעמ רויכ געלאָזט אינ וועג...

לאָמיר שווײַגנ א פאָר רעגעס
אונ דערמאָנענ שטילערהייט
די, וואָס שווימענ פאר די אויגנ
מיט א ווײַטנ רויכ פארצויגנ,
ווערמענס אָנדענק ניט פארגייט,
פאר די פרײַנט, וואָס וועלנ מער
צו די טישנ שוינ ניט קומענ,

לאָמיר אויסצירן מיט בלומען
זייער פינקלדיק געווער.
פאַר דער פרײַנטשאַפט לאָמיר טרינקען,
וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרזינקען,
פאַר דער ליבע צו די פרײַנט,
פאַר דער סינע צו די פײַנט!

לאָמיר אויפהייבן די בעכערס,
לאָמיר אויפהייבן זיי העכער
פאַר דער ערד, וואָס איז באַפרײַט,
פאַר דער דורכגעלעבטער צײַט,
פאַר דער טרײַהײַט, פאַר דער ערע
און אפילע פאַר די שווערע,
זייער שווערע הארבע טעג
אין בעקאָווערדיקן וועג.

זאָל זײַן ליכטיק!
צינדט אָן פײַער!
קומט באַגעגענען דאָס נײַ־יאָר.

# מילכאָמע

צו אן אמעריקאנער פריינט.

איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסן שוין! איך ווייס.
די ערד ווערט קאלט פון מייסים,
די הימלען ווערן הייס...

און פון די מענטשן־אויגן
די פריילעכקייט פארשווינדט,
עס טרינקען זיך די פעלדער
אין טייכן ווי און ווינד...

די טרערן אף די גראָזן,
די גראָזן ביזן האלדז.
איר הערט די פעלדער וויינען?
און דאָס איז נאָך ניט אלץ.

איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסן שוין! איך פיל.
אין שאָלעמדיקע סעדער
איז יאָמטעוודיק און שטיל...

כ'דערזע דאָרט יענע צווייגן,
וואָס צוויטען שוין ניט היינט,
אף זיי זיינען געהאנגען
די בעסטע מיינע פריינט...

געבליבן איז נאָר הענגען
א שטריקעלע אן אלטס,
א שטריקל פון א טליע,
און דאָס איז נאָך ניט אלץ...

איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסנ שוינ, מע זאָגט...
ווי פרידלעכ קומט דער אָוונט,
ווי שאלוועדיק עס טאָגט.

איכ ווייס אויכ פונ מילכאָמעס,
פונ שלאכטנ קעגנ טראָנ,
ווענ ס'קומט די זונ פונ הימל
אונ ווערט א רויטע פאָנ.

אונ ס'נעמט די נאכט אנטלויפנ,
אוועק אינמיטנ נאכט,
געלויבט איז די מילכאָמע,
ווענ ס'גייט דאָס פאָלק אינ שלאכט.

אונ אויב קעגנ מילכאָמעס
צו רופנ אײַכ איכ וואג,
איז קעגנ די, וואָס ס'פירנ
די יאָרשימ פונ רײַכסטאג.

איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
דערמאָנט זיכ שוינ געוויס?
ווי גיכ ס'פארגייט דאָס ביטערס,
ווענ ס'ווערט א ביסל זיס!..

עס קלינגט נאָכ די מילכאָמע
מיט שאָלעמ-טעג געפּאָרט,
זי גייט נאָכ בא די טישנ,
געדעקט מיט גרינעמ קאָרט...

עס בושעוועט די סינע,
איר הערט ניט, ווי זי שרײַט!
איר ווייסט, וואָס הייסט מילכאָמע?
פארגעסט נאָכ ניט, האָט צײַט!

# אונטער א מאזלדיקנ שטערנ

עס וועלנ קומענ טעג, פארשווינדנ וועלנ טעג,
נאָר אָט דער טאָג וועט ניט פארגעסנ ווערנ —
געבוירנ איז ער אפ א וווּנדערלעכנ וועג
אונטער א שפּאָגל־נײַעמ מאזלדיקנ שטערנ.

אונ ניט אינ גאָלד אונ גינגאָלד איז געפּאסט
דער שטערנ, וועלכער לויכט, ווי זיבנ זונענ,
אונ אופגעקומענ איז דער טאָג ניט ווי א גאסט —
ער האָט אונטער זײַנ שטערנ זיכ א היימ געפונענ...

פונ דעמלט אָנ זיי לויכטנ אונדז באזונד —
דער טאָג פונ טעג, דער שטערנ פונ די שטערנ,
אונ פול מיט ליכטיקײַט געוואָרנ איז דאָס לאנד,
אונ אָט די ליכטיקײַט וועט קיינער ניט פארשטערנ.

ס'איז ליכטיק ניט נאָר אינעמ מאָסקווער קאנט,
אונ ניט נאָר בא דעמ דניעפּער־טײַכ דעמ גרויסנ,
די ליכטיקײַט איז צו דערלאנגענ מיט דער האנט
פונ שאכטעס אינ דאָנבאס אונ אינ טונגוסער דרויסנ.

אינ טונדרע, וווּ די קורצע פיכטע וואקסט,
אונ אינ קאווקאזער לימענע־אלייענ,
אינ בוימוואָל פונ טאשקענט אונ אינ פּאָלעסיער פלאקס
אונ אינ פּאָליארער טונקלקײַט פונ שנייענ—

די וווּנדער־שײַנ איז אומעטומ צעזייט,
פונ יאלטער ברעג ביז בערג אלטײַער —
ווי ווײַט איר אָפּשײַנ האָט זיכ אויסגעשפּרייט,
דעמ מענטש דעמ פּאָשעטנ ווי נאָ'נט זי איז, ווי טײַער!

ער האָט דערפֿילט זײַן גרויסקייט און זײַן ווערט
אין אַלע פֿאַרבן פֿון זײַנע רעגנבויגנס,
ס׳איז לויטערער געוואָרן אויף דער ערד,
ס׳איז ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן!

און ס׳האָט דער מענטש פֿאַרשטאַנען אומעטום:
דער טאָג, ווי אַ געבאָט, איז אונדז געגעבן,
דורך דווירעס פֿײַן, דורך פֿײַער און דורך זון,
דער טאָג — דער אַלעפֿבייס פֿון אונדזער לעבן.

ער איז די קראַפֿט, וואָס יאָגט אַוועק דעם אַש,
דעם לעצטן שטויב פֿון כורוועס און רויִנעס,
ער איז די קויל, וואָס ליגט אין פּאַטראָנטאַש,
באַהיט זאָל זײַן פֿון פֿײַנט אונדזער מדינה!

ער איז די טרייסט, וואָס טריקנט אויס די טרער
בײַ די יעסוימים אונטער בײַנע דעכער,
די טרייסט איז ער, די האָפֿענונג — נאָך מער,
ער איז די הייך פֿון זײַן, אויב ניט נאָך העכער.

ער איז דער פֿלאַם, וואָס מעקט די פֿײַנטשאַפֿט אָפּ
און פֿלאַנצט די סטאַליניש פֿרײַנטשאַפֿט צווישן מענטשן,
ער איז די קלאָלע, וועלכע פֿאַלט אויף זייער קאָפּ,
ער איז די בראָכע אונדזערע אויף בענטשן!

עס וועלן קומען טעג, פֿאַרשווינדן וועלן טעג,
נאָר אָט דער טאָג וועט ניט פֿאַרגעסן ווערן —
געבוירן איז ער אויף אַ וווּנדערלעכן וועג
אונטער אַ שפּאָגל־נײַעם מאָזלדיקן שטערן.

# II. לעבנ מײַנס

## לעבנ מײַנס

לעבנ מײַנס, מײַנ יאָמטעוודיקס,
לאָמיר מער ניט טרויערנ,
לויטער זײַנענ וועגנ שוינ,
דורכזיכטיק — די טויערנ...

מענ דער ווײ זיכ אײַנקארבנ,
יענער ווײ, דער נעכטיקער,
זאָל ער אָבער דינענ אונדז,
ווי א שטויס א מעכטיקער...

זאָל דער ווײ דער נעכטיקער
קלינגענ הײַנט קלײזײַענדיק,
לאָמיר גוט געדענקענ אימ,
אינ יאָמטיווימ זײַענדיק.

לאָמיר שפאנענ פײַערלעכ,
מוטיק אונ ניצאָכנדיק,
די יאָמטיווימ וועבנדיק
פונ די גרויע וואָכנטעג...

לאָמיר אונדזער ווײ אונ מוט
קיינמאָל ניט צעפאטערנ,
זעט, ווי פרײַ אונ ראכוועסדיק
מאָסקווער שטערנ פלאטערנ!

## זינגט אין מיר

זינגט אין מיר א גאנצן טאָג,
ווייס איך ניט פון וואָס,
ס'טוט די ליד אין מיר א יאָג,
ווי פון דר'ערד דאָס גראָז...

וואָס זשע זינגט אין מיר אזוי,
ס'איז דער בעפל צי דער טוי,
עפשער זינגט אין מיר דער טאָג,
וואָס האָט ניט געטאָגט,
עפשער זינגט אין מיר די קלאָג,
וואָס האָט אפגעקלאָגט...

זינגט אין מיר א גאנצן טאָג,
זאָל עס זיין דערפון,
וואָס ס'איז דאָ א זון?
ווען אפילע אין פארגאנג
זי פארשווינדט אף זייער לאנג,
קערט זי זיך צוריק,
וואָס פון אלע מיינע טעג
כ'האָב צו איר א דינעם וועג
און א שמאָלע בריק.

זינגט אין מיר א גאנצן טאָג,
ווייס איך ניט פון וואָס,
כ'האָב דאָך קיינמאָל ניט געקוקט
אף דער וועלט
דורך שווינדל־גלאָז,
כ'האָב זיך קיינמאָל ניט געקליגט,

סטאמ אזוי זיכ — ניט געקריגט,
אָט אזוי, ווי אונדזער ערד,
וואָס צו איר מײַנ הארצ געהערט.

וואָס זשע זינגט אינ מיר? ווער ווײסט?
ס'איז דער אומגליק צי די טרײסט?

עפשער זינגט אינ מיר די שײַנ,
וואָס איז טיפ אינ מיר פאראנ,
עפשער זינגט אינ מיר די פײַנ
פונ א לעצטנ שפאנ
איבער א באזונטנ טאָל
מיט זײַנ וואסער־פאל,
עפשער גאָר פונעמ אמאָל
א פארשפילטער שטראל?

עפשער זינגט עס מײַנ געמיט,
פונ דער זאָרג באפרײַט,
וואָס איכ בינ די קלײנע ליד
פונ דער גרויסער צײַט...

## אין רעגעס אין שטילע

אין רעגעס אין שטילע,
ווען גריזן איז און לינד,
ווען ס׳ווייגט ניט אפילע
באָם גרעזעץ דער ווינט...

אויך דאָן פיל איך קלעמען
מיין הארץ א פארדראָס —
מיר ווייסן אַפּ וועמען,
מיר ווייסן פאר וואָס!..

מיר ווייסן, אז קראָען
זיך גרייטן צו רויב,
די רויקע שאָען
פארווישן, ווי שטויב...

די פויסטן מיר קלעמען,
מיט האס אָן א מאָס! —
מיר ווייסן אַפּ וועמען,
מיר ווייסן פאר וואָס!

מיר שלינגען פון שטראַלן
דאָס ליכט און דעם פלאַם,
מיר ווייסן שוין אלע
פון שלאַכטן דעם טאַם!

מיר לויבן דעם עמעס
און הייבן דעם קאָם —
מיר ווייסן פאר וועמען,
מיר ווייסן פאר וואָס!..

מיר וועלנ זיכ שלאָגנ
פאַר אונדזער פאַרמעגנ,
אונ ווירדיק אימ טראָגנ,
דעמ יאָכ פונ געשלעגנ...

דעמ פיינט צווישנ ברעמענ
וועט טרעפנ דער שאָס:
מיר ווייסנ פאַר וועמענ,
מיר ווייסנ פאַר וואָס!..

# קומען צוגן...

מאָרגן צוגן צוויי אַ טאָג
קומען און פאַרשווינדן.
איינער קומט פון דיסלדאָרף
מיט אַן אויג אַ בלינדן,

און דער צווייטער קומט מיט היץ
פון בערלינער באַנהאָף,
צוגעדעקט מיט ברוינעם רויך,
קומט ער ווי אַ גאַנעוו.

ווען זיי קומען אין אַ שטאָט,
שטייען זיי און שטומען,
און עס מעלדעט ניט דער גלאָק,
אַז מ'איז שוין געקומען.

ביידע זײַנען גרוי און פּוסט,
ווער וועט אין זיי פאָרן?
מאָרגן צוגן צוויי אַ טאָג
קומען אין זיקאָרן.

אויף די דעכער ליגט די זון
שטויביק און פאַרגעסן,
און עס כאָלעמען זיך איר
רויטיקע מעסלעסן...

קומען צוגן צוויי אַ טאָג
מיט פאַרהאַקטע טירן,
שאָטנס פאָרן אויף די בענק,
ניט קיין פּאַסאַזשירן.

קומען, טראָגן זיך פאַרביי
מיט א פייף א שטילן,
און ס'באַגלייטן זיי די הינט
מיט א שטילן בילן.

די וואָקזאַלן ליגן טויט,
פלויטן אויסגעדרייטע,
דערפער זינקען אינעם אש
און מיט נאַכט פאַרוויטע.

פליען זיי פון קאַנט צו קאַנט
מיט צעקרימטע וועגן,
כורוועס, הורבעס, גרויע בערג
לויפן זיי אַנטקעגן,

און די צוגן קומען פוסט,
קערן אום זיך פולע,
און די רעדער דרייען זיך —
זעט נאָר א געדולע:

קליינע קינדער פירן זיי,
מענער, פרויען, זקנים,
ווי מיט אומגליק פירן זיי,
פלאָגן מיט געוויינען.

אף די רעדער אָט־אָ די!
איז די ליד דערפאָרן
און געבליבן שטעקן הי
טיף אין מיין זיקאָרן.

און מיין ביידער הייליק כ'היט —
כ'האָב אף זיך גענומען,
אַז דער צוג פון אָט דער ליד
זאָל שוין מער ניט קומען!

1944 י.

# אפ דוירעס א דענקמאָל

ווו זײַנט איר איצט, ייִנגלעכ פארשײַטע,
די זינ פונ די נאָענטסטע פרײַנט?
איכ זע אײַכ בא פלאמענ פונ שײַטערם
מיט קינדערשנ אומרו באשײַנט.

ווענ ס׳האָבנ אײַכ מאמעס געבוירנ,
בינ איכ בא דעמ יאָמטעוו געווענ,
ווענ ס׳האָבנ אײַכ מאמעס פארלוירנ,
האָב איכ זייער אומגליק געזענ...

איכ האָב פאר אײַכ נעמענ געקליבנ,
איכ האָב אײַכ אינ וויגל געוויגט,
איכ האָב מיט אײַכ שפאסנ געטריבנ,
געשפילט זיכ מיט אײַכ אונ געקליגט...

די רעגעס פונ אײַער געבוירנ
כ׳געדענק, אײַער קינדישנ ברענ,
כ׳געדענק, אז קיינ גרויסע גיבוירימ
זײַט איר פונ געבורט ניט געווענ...

דער שוואכינקער הערשל שאפּירא
מיט קלײַנדלעכ אפנ געזיכט,
מיט אויגנ, ווי הימלענ סיבירער,
יאָגט דורכ אפ א פערד אומגעריכט...

אונ טאָבע וועוויורקע דער שטיפער,
דער שלאנקער, דער פריילעכער יונג
מיט אויגנ, פונ קרענעצעס טיפער, —
כ׳געדענק נאָכ זײַנ גאנג מיט א שפרונג...

אין הויפן מיט שטאָטישע פּלויטן
זיי האָבן אין זאַמד זיך געשפּילט.
די זון האָט די קינדערשע הויטן
מיט טויזנטער כיינען באַגילדט...

צי דאַניע דאַנוּעל, לעמאַשל,
דער קלוגער צעשויבערטער יאַט —
מיט זיין בען־יעבידישן לאַשן,
מיט קינדערשע גענג — א סאָלדאַט!

און מארק באַשטשעוואצקי — איך קאָן אים,
דאָס קינד פון מיין ערלעכסטן פריינט,
איך זע נאָך אצינדער זיין פּאָנעם,
מיט קינדערשע זאָרגן באַשיינט...

עס וואַרטן נאָך היימישע טירן...
עס פלאַטערן מאַמישע הענט...
דאָס היימלאַנד מיט אייך וועט שטאָלצירן,
די טאַטעס האָט איר ניט פאַרשעמט...

איר שטייט מיר ביז היינט פאַר די אויגן,
און כ'זע, ווי געשיקט און געשווינד
איז מישע פאַרביי דורכגעפלויגן,
אווראָם וועלעדניצקים א קינד...

און אָט זע איך ליבעלען שוועבן,
א. קאַהאַנס געראָטענעם זון.
זיין פּיינט האָט פאַרשניטן זיין לעבן,
זיין פריינט האָט געמאָלדן דערפון...

אַף פעלדער, אַף זאַמדיקע וועגן
איר רוט שוין — ווי שרעקלעך! — איר רוט!..
דער זאַמד איז צענעצט פון עם רעגן,
און רויט איז דער רעגן פון בלוט...

איך זע אים, דעם שלאַנקן און ברוינעם,
דעם בכאָר פון פּאָעט קושנעראָוו —

דער יונג איז אוועק קעגנ סוינע!..
ער שלאָפט מיט אנ אייביקנ שלאָפ...

איכ ווייטעק מיט טאטעס צוזאמענ,
דעמ גרויזאמענ כעשבנ איכ פיר.
די טרערנ פונ אײַערע מאמעס —
זיי פינקלענ אינ אויגנ בא מיר...

איכ שטיי אפ דער ערד א פארשעמטער —
כ'בינ עפשער אײַכ שולדיק? ווער ווייסט?
איכ זוכ, ווי א טאטע, אנ ענטפער
אונ זוכ, ווי די מאמעס, א טרייסט...

אונ איר האָט דעמ ענטפער געגעבנ,
א דענקמאָל אפ דוירעס געבויט —
מיט אײַער באפליגלטנ לעבנ,
מיט אײַער פריצײַטיקנ טויט...

# פאַרוואָס?

אַזוי איז דאָס געווען,
נאָר ס'טאָר אַזוי ניט זײַן!
כ'באַגעגן עס אַלץ, ווי אָט דער בוים באַגעגנט דעם רעגן,
נאָר ס'בריט די פּײַן,
די אַלטע פּײַן,
וואָס האָט זיך אירע וועגן
און וואָס באַווײַזט זיך מיטאַמאָל,
זי טוט אַ שלײַדער דיך פון באַרג־געדריי
אין טאָל,
טוט ווידער ווי
אַזוינס, וואָס איז שוין, דוכט זיך, אויסגעהיילט
און אויסגעהוילט,
און ווידער...
און ווידער גרוילט.

כ'האָב שוין אַליין אַזוי פיל וועגן דעם דערציילט
און כ'פיל, ווי ס'קילט מײַן שפּראַך, מײַן קאָל —
זיי ווערן האַרב ווי שטאָל,
ווי כ'וואָלט שוין צוגעוווינט געוואָרן
צו אַלץ, וואָס האָט פאַרלאָפן ערשט ניט לאַנג
אין אָט די שווידערלעכע יאָרן...

צו רויק איז מײַן גאַנג,
צו קאַלט זײַנען די אויגן...
ווער האָט דערלויבט מיר מוחל זײַן
דעם שטריק, וואָס האָט מײַן ברודערס האַלדז פאַרצויגן,
ווער האָט דערלויבט מיר מוחל זײַן
דער האַנט, וואָס האָט דעם שטריק געהאַלטן,
דעם אויג, דעם אויסגעלאָשענעם און קאַלטן,

וואָס האָט זיך ניט פאַרמאַכט
ניט טאָג, ניט נאַכט
און האָט געקוקט אַ רויִקס אַף דער האַנט,
וואָס האָט דעם שטריק פאַרצויגן.
געבענטשט זאָל זײַן די שײַן,
וואָס ברײט מיר מײַנע אויגן
און רודערט אויף מײַן זײַן...

ווער האָט דערלויבט מיר רויק זײַן,
און אָפּנעמען די רו בײַ די, וואָס ליגן אין די קוואָרים,
ס'איז זייער רו, ס'איז זייער שלאָף, ס'איז אונדזער פּײַן.
עס קומט דער צאַר צו מיר און מײנט, אַז איך בין אָדעם,
נאָר רײַך בין איך מיט מײַן ניט מויכל זײַן...

איך ווייס: פאַרגעסן טאָר איך גאָרניט, גאָרניט ניט פאַרגעסן,
און ס'הערט דער טאָג דער געכטיקער ניט אויף מיך פרעסן,
און דאָס איז גוט,
דאָס גיט מיר מוט,
דאָס נערט מײַן האַרץ, דאָס פילט מיט שאָלעמדיקן פולווער אָן די וואָכן.
דאָס שטאַרקט אין מיר דעם אָטעם פון ניצאָכן.

# פליט דער פויגל צו זײַן נעסט...

איבער פעלדער, איבער שטעט
שפּרייטן זיך צוויי פליגל,
ס'פליט א פויגל צו זײַן נעסט
מיט א טרויער־ניגן...

אין א לאנגער צײַט ארום,
אין א טאָג א שיינעם,
קומט דער פויגל צו זײַן נעסט
און געפינט ניט קיינעם...

און די נעסט איז אויך ניטאָ
אפּ דער ערד דער שטילער,
ס'איז קיין זייכער שוין ניטאָ
פון עם בוים אפילע...

ווערט דעם פויגל זייער שווער.
וויל ער פליען ווײַטער,
און ער פרעגט בא יעדן בוים:
— פייגעלעך, וווּ זײַט איר?

האָט א שפּארבער אין דער נאכט
אײַך דעם וועג פארלאָפן?
האָט א דונער אין דער נאכט
פּלוצעם אײַך געטראָפן?

האָט דער טויט געפונענ אײַך
אונטער שווערע רעדער?
איז געבליבנ כאָטש אפ דר'ערד
אײַערער א פעדער? —

•

קוקט דער פויגל אפ דער ערד,
נעמט דאָס הארצ אימ שטיינענ,
נאָר וואָס קאָנ א פויגל טאָנ,
ווענ ער קאָנ ניט וויינענ?

זינגענ, זינגענ קאָנ ער נאָר,
זינגט זיכ ניט, ראבויסנײַ,
קוקט ער מיט זײַנ קליינעמ אויג
אפ דער וועלט דער גרויסער...

גוט איז, וואָס די וועלט איז גרויס,
שווער איז זײַנ אליינ נאָר,
האָט זײַנ לעבנ דענ א ווערט
אָנ דער נעסט דער קליינער...

ס'ווערט די ערד מיט גראָז באַזעצט,
ס'ווערט דער הימל בלויער,
זיצט דער פויגל אפ דער ערד
מיט זײַנ שטומענ טרויער,

אונ ארומ אימ פלאמט די ערד
מיט א גרינעמ פײַער,
אונ עס ווערט אימ אָט די ערד
ווי דער הימל טײַער.

זעט ער: ס'פליענ אינ דער הייכ
פויגלענ — זײַנע ברידער
אונ זיי זינגענ ווי אמאָל
פרילינגדיקע לידער.

זעט ער: ער איז ניט אלײנ,
ס'איז דאָכ דאָ א סטײַע!
אונ ארומ אימ וואקסנ ווענט,
דעכער, סטריכעס נײַע...

•

נעסטנ וואקסנ ארומ אימ —
מויערנ פונ שטײנער,
אונ אזוי זיכ, פוסט־אונ־פאס
זיצט שוינ איצט ניט קײנער...

נאָר דער פײגל זיצט אפ דר'ערד,
אונ אינ רויש פונ רעדער
אזוי שטיל אונ אזוי צארט
פליט פארבײַ א פעדער...

אונ א שטרוי דערזעט ער אויכ
זײער נאָענט ליגנ,
גיט דער פויגל זיכ א הײב
אפ די גרינגע פליגל...

ער האָט פלוצעמ זיכ דערמאָנט,
זיצנדיק פארלוירנ,
אז פונ פעדערנ מיט שטרוי
ווערט א נעסט געבוירנ.

## אין שטויב

אונדזער שטאָב איז אין שטויב,
אוּן די שטוּב אין שטויב,
און פון הויף און פון טויף
פאַלט פון פענצטער די שויב,
און איך ווייס, איך געשריי
ווייַנט אין שטייגל די טויב...

און דער שעפ פוּנעם שטאָב
שטייט א מידער לעם שוועל,
יעדער בליק ווי א פייל,
יעדעס וואָרט — א באַפעל,
אָפּ פּײַנט איינעם סטעפ
ציטערט ווידער די פעל...

איז דאָך גוט... ווייַנט די טויב
אינעם שטייגל אזוי,
אז דאָס בלוט ווערט פארקילט,
און די האָר ווערן גרוי,
און עס נייגט זיך צו דר'ערד
דער פארקוילטער פאפשוי...

דער פארקוילטער פאפשוי,
דאָס פארקילטע געוויין,
ווייל דאָס טייבל — זיין „זי“
ליגט צעפליקט אפ א שטיין,
ס'איז באַשערט אים אין שטייג
איצטער וואָרקען אליין...

וואָס געוויינ, וועג געוויינ,
ס'יאָגנ פערד, ס'פליִענ פערד,
אונדזער שטאָב איז אצינד
אפ דער דײַטשישער ערד,
אונ דער פײַנט ליגט איינ שטויב —
א צעבראָכענע שווערד...

איז דאָך גוט... ווייגט די טויב,
אונ באַם שעפּ אינעם טאַש
ליגט א בריוו פונ די פרײַנט
ערגעצ ווײַט, פונ סיוואַש,
אז דער פײַנט האָט געמאַכט
פונ זײַנ מויערל — אַש...

אז איינ אַש ליגט זײַנ פרוי,
אירע אויגנ — פארמאַכט,
אפ איר טויטנ געזיכט
פאַלט דער טאָג, ווי די נאַכט...

. . . . . . . . . . . . .

ווי די בלעטער איינ האַרבסט
פאַלט דער סוינע איינ שלאַכט...

## דער האַרבסט איבער מײַנ הויז

אָט ווערנ פײַכט די סטעפּנ,
די טײַכלעכ ווערנ גרויס,
איכ זע אינ הויכנ נעפּל
דעמ האַרבסט איבער מײַנ הויז.

איכ טו א שפּאַלט אפ צווייענ
דעמ נעפּל פונ דער ווײַט,
אונ פרילינג־טײַכנ גייענ
אינ גרינגנ פרילינג־זײַד.

דער האַרבסט פאַרגעסט מײַנ נאָמענ,
אונ איכ בינ ווידער פרײַ,
אונ ס'טראָגנ מיכ די שטראָמענ
צו טויערנ פונ מײַ.

אָט ליגט דער האַרבסט צעשמעטערט
אינ געלקײַט אונ אינ טוי,
אונ ווידער גרינע בלעטער,
אונ הימלענ ווערנ בלוי.

דער האַרבסט — ער וויל מיכ טרעפנ,
דער האַרבסט איז מיר געטרײַ,
נאָר ס'טוענ זיכ אנ עפנ
די טויערנ פונ מײַ.

ער וועט מיכ ניט געפינענ,
איכ האָב געזונטע פיס!
איכ שטיי אונטער די זונענ —
א הויכער קיפּאַריס.

און זאָלן האַרבסטן קומען
מיט רעגנס און מיט גרוי,
איך כאַפּ אַ בינטל בלומען
און טראָג זיי צו אַ פֿרוי...

אָט פֿליען יונגע וועגן,
באַזיניקט און באַקאַנט,
און ס'טראָגט זיך מיר אַנטקעגן
אַ ליב, אַ לײַבלעך לאַנד.

און מײַזיק איז און יוניק
אָקטיאַבער איך מײַן קאַנט,
באַזיניקט און באַזיניקט
איז יעדער הייב פֿון האַנט!

מײַן אַלטיטשקע ווערט עלטער,
מײַן טעכטערל ווערט גרויס,
איך עפֿן אויף די פֿענצטער
און לאָז דעם האַרבסט אַרויס.

איך וועל אים דאָרט פֿאַרבײַטן
אַף גרינקײַט און אַף בלוי,
זאָל הענגען אין די ווײַטן
אַ שטענדיקער גאַנצפֿרי!

די אויגן מײַנע בלויען,
מײַן האַרץ איז ווי אַ קינד,
ס'איז פּאַשעט אַ ביזאַיען
צו ווערן אַלט אַצינד!

## עס רוט ניט דאָס בלוט

דאָס פעלד ליגט צעצויגן,
באַזונט און באַרוט,
עס רוען די אויגן,
עס רוט ניט דאָס בלוט.

אָט דאָ האָבן יונגען
געטופּעט אין פעלד,
און הויך האָט געקלונגען
דער נאָמען פון העלד.

עס האָט אין די זאַנגען
זיין אָטעם געוויייט,
די זון איז פאַרגאַנגען,
א נעפּל פאַרשפּרייט.

זיין קאָפּ איז געלעגן
מיט זאַנגען באַדעקט,
און ס'האָבן די וועגן
די הענט אים געשטרעקט.

צוקאָפּנס באַם העלד איז
געלעגן א שטיין,
אין רויקן פעלד איז
דער שטיין איצט אליין.

א זאנג גיט נאָר זעלטנ
זײַנ האַרטקײַט א גלעט...
נאָר ווינטער אינ קעלטנ
ווער גלעטנ אים וועט?

דער העלד איז פארשווונדנ,
דער שטיינ ליגט פארבענקט,
דאָס בלוט פונ די ווונדנ
שוינ אויכ אָפגעשווענקט.

עס הייבנ זיכ סטויגנ
באזונט אונ בארוט,
עס רוענ די אויגנ,
עס רוט ניט דאָס בלוט...

# זײַנען בושעלעס געפֿלױגן

זײַנען בושעלעס געפֿלױגן מיט אַ גװאַלד,
זײַנען בושעלעס געפֿלױגן פֿונעם װאַלד,
האָבן װעגן זיך צעצױגן,
און אױף אַלע װעגן — פֿורן.
ניט קײן פֿורן — הױכע סטױגן...
אױף די װעגן בלײַבן שפּורן —
האַרבסט און שטרױ,
האַרבסט און שטרױ,
שרײַען בושעלעס פֿון הױכן בלױ:
— פֿורן, פֿורן, שטעלט זיך אָפּעט!
נאָר די פֿערדעלעך טופּען, טאָפּען,
אױף די װעגן טופּען, טאָפּען,
טופּ און טאָפּ...
קוקן בושעלעס אַראָפּ.

קוקט דער װוּנדער פֿון די אױגן:
סטױגן!
סטױגן!
ערשט האָט נאָך די זון געפֿלאַקערט,
ערשט געזײט און ערשט געאַקערט.
װי די צײַט איז דורכגעפֿלױגן.
װידער, װידער פֿירט מען סטױגן!

זײַנען בושעלעס געפֿלױגן פֿונעם װאַלד,
זײַנען בושעלעס געפֿלױגן מיט אַ גװאַלד...
שרײַען טרײַבער פֿון די ערטער,
שרײַען מיט אַזעלכע װערטער:
— פֿליט אײַך, בושעלעס, אַװעק,

מיר פארשטייענ ניט די שרעק.
ווו ס'איז ווארעמ, דאָרט איז גוט,
ווו ס'איז קאלט, איז אויכעט גוט,
אונדז איז ליב אונ אונדז געפעלט
אי די ווארעמ אי די קעלט!

זיבענ בוישעלעס געפלויגנ אינ דער הייכ,
פונ די רעדער האָט געטראָגנ זיכ א רויכ.
סטויפעס, סטויפעס. לאנגע דראָטנ —
דראָטנ גלאנצנ קאלט,
אונ דער הארבסט האָט זיכ געשאָטנ
פונעמ וואלד.

# דער מײַ קומט אָנ!

דער מײַ קומט אָנ! מיט פרילינג־פלינקײַט
הילכט אָפּ אינ בערג זײַנ פרישער טראָט,
שוימט אופ מיט פײַערדיקער גרינקײַט
דער אלטער וואלד, די יונגע שטאָט.

דאָס פעלד טוט אָנ די פרילינג־קליידער,
די גאנצע ערד באנײַט איר הויט
אונ גיט צו וויסנ אונדז קעסיידער,
ווי ס׳רײַפט אינ איר דאָס נײַע ברויט.

דער מײַ קומט אָנ! אָפּ צאָפנ־שויבנ
דאָס לעצטע ביסל שניי צערינט,
די הערצער זײַנענ פול מיט גלויבנ,
די אויגנ זײַנענ פול מיט ווינט.

עס טוקט אינ פלאמ דער האָריזאָנט זיכ,
די זונ פארטרײַבט די לעצטע קעלט.
ווי ווארעמ איז, ווענ מע דערמאָנט זיכ:
ס׳איז דאָ א מאָסקווע אָפּ דער וועלט!

א שטאָט אזא, ווו אלצ איז שענער
אונ אלצ איז פרילינגדיק ביז גאָר,
א שטאָט, ווו ס׳איז אפילע קלענער
דער גרויער טאָג פונ איבעריאָר.

א שטאָט, ווו ס׳שמעקט מיט רומ אונ פרידנ
א יעדער שטיינ, א יעדער בריק;
א שטאָט פונ יאָמטעוודיקע שמידנ,
וואָס שמידנ אויס דאָס מענטשנ־גליק.

א שטאָט א גוואַר, א לאַנד א גיבער,
ווו כאָכמע לעבט מיט מי באַנאַנד.
און ס'ווערט דער מײַ אונדז אַלע ליבער,
ווײַל אונדזער היימלאַנד איז זײַן לאַנד.

שפּאַנט אונדזער מענטש צום פּלאַץ צום פרײַען,
א שטיקל זון — בא אים אין לאַץ,
און ס'גריען אויך ווי זײַנ קלייזײַען
די ביימער אפן רויטן פּלאַץ.

און דאָס איז שטאַרק דעם מײַ געפעלן.
און ווער וועט פרעגן הײַנט, לעמײַ
די ביימער שטייען אין שיינעלן
אין גרינע ווי אַליין דער מײַ.

די צײַט איז נאָך דערווײַל א שווערע,
די ערד — צעגרענעצט און צעשוועלט;
און דאָס געבורט פון אונדזער ערע
קומט אָן ניט גרינג דער נײַער וועלט.

ווי שיין עס רייכערן קאַשטאַנען,
מיר ווילן ניט קיין שלאַכטן־רויך.
און אויב מע זעט אַעראָפּלאַנען
אפ מאָסקווער הימל שוועבן הויך,

איז דאָס דער גלויבן און די גרייטקייט,
איז דאָס די קראַפט פון אונדזער דאָר,
וואָס האָט די שוואַכקייט און צעצווייטקייט
געשיקט צו אַלדי שוואַרצע יאָר,

וואָס טראָגט דעם מײַ אין בלוט אין זײַנעם,
וואָס טראָגט דעם פרילינג אויבנאָן;
און ווו מיר גיי'ן און ווער מיר זײַנען —
איז אָנגעשריבן אפ זײַן פאָן.

א יעדער גרעזל טוט זיך אײַלן
לעקאָווער יאָמטעוו עפעס טאָן,
פון מילדע מאַלכעסדיקע מײַלן
קומט אָן דער מײַ! דער מײַ קומט אָן!

# פרילינג

איבער אַלע, אַלע וועלטן,
איבער אַלע עקן ערד
הערט מען גרויסן, זעט מען שטויסן,
ס'רייט דער פרילינג אויף זיין פערד.

ווו ער קומט נאָר, ווערט א יאָמטעוו,
ס'הייבן שטאָלצער זיך די קעפ,
ס'וואַקסן כוואַליעס אויף די טייכן,
ס'בליִען טעפּיכער אין סטעפּ.

קומט ער אין א סאָד, א קאַלטן,
ווערט אין סאָד א צוויטשעריי,
און די פֿייגעלעך טראָגן מוטער
אויף די פֿליגעלעך דעם מיי.

סוידען ריטשקעס זיך מיט ריטשקעס,
יאָגן אונטער: פרילינג, שפּאַן!
אין א דערפל בא דער וואָלגע
שטייט נאָך א פֿאַרשנייטער טאַן...

טייט דער ווינט, אז אין די טאָלן
איז נאָך דאָ א ביסל אייז,
לאַכט דער פרילינג אין די פויסטן,
ער אנטדעקט פֿאַר מיר א נייס!

טוט ער אָן די גרינע שטיוול
און פארגארטלט זיך דערבײַ
מיט א לאנגן גרינעם גארטל,
עטוואָס לענגער פונעם מײַ...

קוועלן אָפּ אין דר'ערד די זוימען,
און זיי פּלאצן: פרילינג, גיי!
אפּ א כאטקע א סיבירער
איז נאָך דאָ א ביסל שניי.

לויפט דער פרילינג ווי א יעגער
מיט א ביקס אין גרינגע הענט,
ביז דער פרילינג איז געקומען,
ריינט דער שניי שוין פון די ווענט...

פליט דער פרילינג ווײַט און ווײַטער,
בלײַב איך שטעקן אין דער מיט,
און איך בעט זיך בא אים ראכמים:
פרילינג! פרילינג! אײַל זיך ניט!

## איך בין א גוויר

איך בין א גוויר,
איך האָב א סאך,
איך האָב א שטוב,
איך האָב א דאך,

איך האָב א זון,
וואָס שײַנט צו מיר
און שטייט א זומער
בא מײַן טיר...

דער סוינע האָט
געוואָלט, איך זאָל
א קאפּצן זײַן
ווי גאָר אמאָל.

ער האָט געוואָלט
מיך זען הויל,
געקליידט אין גרויל
און שווארץ ווי קויל...

ער האָט מײַן שטוב,
מײַן דאך פארברענט,
נאָר כ׳האָב צוויי פיס
און האָב צוויי הענט!

בין איך א גוויר,
איך האָב צוויי הענט,
איך האָב דרײַ פּענצטער
און פיר ווענט.

איך בין א גוויר,
איך בין נאָך מער,
איך בין, איך בין
א מיליאָנער!

איך האָב א לאנה
מיט פרײַנט א סאך,
אין יעדער וועג,
און יעדער שליאך

מיליאָנען פרײַנט,
וואָס זאָגן: מיר!
איך בין א גוויר,
איך בין א גוויר!

ניו־יאָרק.

# די נאכט־קאפעלע

גוט איז מיר אינ הײ אינ פרישנ,
גוט איז שלאָפנ אָנ א קישנ
אפ די הײכע, פרישע סטויגנ,
כ׳קוק דעם הימל אינ די אויגנ —
הימל־אויגנ, שטערנ שווײַגנ,
אלע הוילע, אלע העלע,
אונ אפ אלע שפיל־געצײַגנ
שפילט די גרויסע נאכט־קאפעלע.
טוט א בלאָז א ווינט א פלינקער,
טוט א רויש אינ אלע ווינקלענ,
שטײענ אופ פונ שלאָפ די קליאָנענ
אונ צעוויגנ די לעוואָנע
אפ די בלעטער אפ די ברײטע,
בלעטער דרײענ זיכ צעשפרײטע,
רוישנ בלעטער, צווײַגנ סקריפענ,

כאפט זיכ אופ דער כאָר פונ ליפעס,
קאָנענ דעמבעס שוינ ניט שווײַגנ,
ווי די פידלענ ווערנ צווײַגנ,
בלעטער פאלנ, ניסלעכ פאלנ,
שאָרכנ הינער אינ די שטאלנ,
אונ אינ שטערנ־שײַנ אינ העלער,
זשומעט ערגעצ א פראָפעלער.

נאָר די הויכע שטערנ שווײַגנ,
אלע הוילע, אלע העלע,
אונ אפ אלע שפיל־געצײַגנ
שפילט די גרויסע נאכט־קאפעלע.

הירזשענע פערדלעך אף די וועגן,
פליעסקען פיש בא בלויע ברעגן,
ווערן פעלדזן ווי די טאַצן.
טראָגן שטראָמען זיך און פּלאַצן,
בא די פעלדזן זיך צעדרויבן,
ווינטן בלאָזן אין די טרויבן,
און פון ווײַט א מאָדנע קאָל דראָט,
ס'איז דער הימל הײַנט מײַן קאָלדרע,
און דאָס הײ איז הײַנט מײַן קישן,
גוט איז מיר אין הײ אין פרישן...

האָב איך צוגעמאַכט די אויגן,
איז א רײַטער דורכגעפלויגן,
צו דער גרענעץ זיך געטראָגן,
און דער הימל נעמט שוין טאָגן.

אין געדיכטעניש פאַרלאָרן;
זיצט נאָך אַלץ דאָס יונגע פּאָרל,
איצטער קאָן מען גייען שלאָפן,
ס'איז די נאַכט שוין דורכגעלאָפן...

ס'האָט דער האָן פון לאַנג געקרייט שוין!
און דער גרויסער טאָג — ער גייט שוין!

א גוט־מאָרגן, מײַנע סטויגן!
פאַלט דער שלאָף אף מײַנע אויגן,
איצטער קאָן מען רויק שלאָפן,
ס'איז די נאַכט שוין דורכגעלאָפן!

# ייִדיש

— ס'איז א דינסט! — האָט מען געשריען
אין דער צײַט פונ דער האסקאָלע.
— ס'איז א מאלקע! — פלעגט מען שרײַען
אינ די געסעלעכ די שמאָלע,
אינ די זאלנ פונ ווײַטשעפל
זיצנ הײַנט נאָכ כניאָקעס מידע
אונ מע לאשטשעט זי, מע פיעסטעט
ווי א קראנקע באסיעכידע...

ייִדיש
הייסט ניט באסיעכידיש,
ייִדיש
הייסט ניט הוילער כידעש:
ייִדיש
איז א בלאסע קאלע?
ייִדיש
איז א שפראכ ווי אלע!

דורכגעגאנגענ אלע נויטנ,
בײַגעקומענ אלע טויטנ!
ס'איז דאָכ ניט קיינ שפראכ, וואָס וואנדערט
פונ כיסלאוויטש קיינ ליובאוויטש,
ייִדיש באווערט זיכ מיט סלאוויש,
ייִדיש
קלינגט א ביסל אנדערש,
אונ מיט אלע האָריזאָנטנ,
וואָס א שפראכ קאָנ זיכ פארגינענ...

יִדיש
קלינגט אַף אַלע פראַנטן,
יִדיש
נעמט באַזונדערס בליצן
אין דעם אָפּשײַן פון רובינען
מיט די פינף צעשײַנטע שפּיצן...

בא דעם גרעסטן דערהעב־ערעץ
צו דעם גרויסן שרײַבער פּערעץ
מוז מען דאָ מיט ווערטער קלאָרע
מאכן אוים פון זײַן האשאָרע:
אנדערש גאָר זײַן ליד וואָלט קלינגען,
ווען ער זאָל ניט יִדיש זינגען...

און דער ערשטער האָט דאָך מאָניש
זיך געשטעלט קעגן זײַן רעבן...

אָט די שפּראך איז אונדז געגעבן
ניט צו פּלוידערן זשארגאָניש
אין פארשטויבטע געטאָ־ערטער...
מיר פארגעסן שוין די ווערטער:
עפּשער, העפּקער, בלאָנקען, טאָמער,
ווי די מײַסעס פון בלאָשטיינען,
ווי די ווערק פון אלטן שאָמער...

יִדיש שמעקט מיט פּרוכט מיט רײַפער,
יִדיש שמעקט מיט פויסט מיט שטײַפער,
ס'האָט די שפּראך א דאך א גרויסן
און א פּרעכטיקן אינדרויסן,
ווי א גלײַכע צווישן גלײַכע,
גיט זי קיינעם זיך ניט אונטער:
ווי א רײַכע צווישן רײַכע,
קלינגט זי יאָמטעוודיק און מונטער...

ס'קלינגט „לעכאַים" ווי „וויטאַיעם",
ווי לעמאָשל „פּאָזדראַוולאַיעם",

ס'ווערן קארגער קלאָלעס, טײַנעס,
און ווי היימיש ווערטער זײַנען,
ווי די שענסטע מעכוטאָנים:
מאָסקווע, קרעמל, רויטע פאָנען,
און אפילע אינדעראָוואָכן
הערט ניט אוף צו קלינגען היימיש
דאָס דערהויבן וואָרט: ניצאָכן...

יִדיש
הייסט ניט באַסיעכידיש,
יִדיש
הייסט ניט הוילער כידעש,
יִדיש
האָט אין אַש אויך פײַער,
און דערפאר איז עס אונדז טײַער!

# III. אומשטערבלעכע

## פושקינען

אזוי... אזוי... עס איז דײַן קאָל ניט ווײַט,
עס הילכט, און רופט, און ריכט, און וואַנדערט,
איך הער דײַן ליד, איך זע דײַן צײַט...
וואָס איז בא דיכטער א יאָרהונדערט?

כ'זע יענעם הימל איבער דיר,
מיט וואָלקנס בלײַענע באהאנגען:
דו האָסט די ברידער אין סיביר
געטרייסט מיט פלאַמיקסטע געזאַנגען.

אף שליטנס רוסישע דו פליסט,
און ס'קוקט אין ווײַט מיט שניי באשאָטן
א הענגענדיקער דעקאַבריסט,
ווי ס'פליט אף אומוועגן דײַן שאָטן.

די ליפן דײַנע שמייכלען שטום,
און נאָר די לידער דײַנע שאַלן,
אָט זע איך דיך אין ערזערום,
אָט שטייסטו בא קאַווקאַזער קוואַלן.

איך הער דײַן קאָל אין קרימער בערג,
די טאָסטן פאַר דער שלאַנקער מערי,
דײַן לעצטן פאַל אף רוסלאַנדס ערד,
דײַן לעצטן שאָס אין דער אימפעריע.

ווער קאָן זיי מוחל זײַן דײַן ווײ,
כ'וועל אומעטום דײַן קאַט דערקענען,

ווער זײַנען זײ? וואָס קאָנען זײ?
נאָר אופהענגען און נאָר פארברענען.

דער פײַנט האָט ניט דײַן רום געקעפּט,
נאָר זיך אלײן צו שאנד געשטויסן;
דו האָסט אזוי נאָך ניט געלעבט,
ווי דאָ בא אונדז אין לאנד אין גרויסן!

דורך ליכט פון דוירעס כ'זע דיך קלאָר,
דו זיצסט איבער א ליד געבויגן.
און ס'פאלט די שײַן אף דײַנע האָר,
און ס'לעבן ווידער דײַנע אויגן.

# דער שווערסטער וועג

אָשער שווארצמאַנס אָנדענק.

די ערד האָט וועגן אָן א צאָל:
ס׳איז איינער ברייט,
דער צווייטער שמאָל,
א וועג א בארג,
א וועג א טאָל,
א וועג א שוועל,
א וועג א בריק,
א וועג א זון,
א וועג א וויג,
א וועג — א ריזיק מענטשלעכע הארץ,
א וועג — א טעפּיכל א צארטס.

די ערד האָט וועגן אָן א ברעג,
געליבט זאָל זײַן דער שווערסטער וועג!

וואָס ס׳קומט אָן גרינג, האָט דען א טאַם?
א זיסער בים איז אָפט מיט סאַם.
וואָס וואָלוול קאָסט, האָט דען א ווערט?
א גרינגער וועג איז אָפט פארקערט.

ווען ס׳קומט א בייזע די געפאר,
שרײַט
„גוואלד!"
דער אומזיניקער נאר,
דער קלוגער רופט צו הילף זײַן מוט,
זײַן ריין געוויסן
און זײַן בלוט.

ס׳טראָגט יעדער מענטש זײַן פּעקל שווער,
באַ איינעם איז אַ ביקס געווער,
באַם צווייטן איז געווער
די נאַכט,
זי דעקט אים צו זײַן גאַנג, זײַן מיין,
באַם דריטן —
דעם, וואָס איז געמיין,
אַ ביל,
אַ בילבל —
זײַן געווער.

מײַן דיכטער! באַ דײַן רום איך שווער
צו גיין דעם וועג נאָר, וואָס איז שווער,
וואָס קאָסט אַ סאַך
און ברענגט נאָך מער,
וואָס שטאָלצ און מוט איז זײַן געווער.

אַזוי איז דיר געווען באַשערט:
דו האָסט פֿאַרלאָזט די מאַמע־ערד,
ווּ איז דײַן רו —
ווייסט קיינער ניט,
דײַן קייווער ווּ —
קיין איינער ניט...

דײַן גײַסט ווּ איז?
אין יעדער גליד!
דײַן מוט ווּ איז?
אין יעדער ליד!
דײַן גאַנג — אין רויטאַרמייערס טריט!
ווער האָט געזאָגט — אַז ביסט פֿאַרגאַן?

ס׳האָט מיר דערציילט אַ פּאַרטיזאַן:
ער האָט געזען דיך אין אַ וואַלד.
און אויב ניט דיך —
איז דײַן געשטאַלט.

א צווייטער האָט געזאָגט צו מיר,
א גרויער שטרענגער קאָמאנדיר:
ער האָט געזענ דיכ אפנ פראָנט
אונ אינ די וואָנצנ דיכ דערקאָנט:

דײַנ הויכנ ווּקס, דײַנ ברייטע ברוסט,
אינ שארפנ בליק — דײַנ לעבנס־לוסט,
ער האָט דיכ אינ א ווינטער־נאכט
געזענ אינ פֿײַער פונ א שלאכט.

אזוי האָט מיר דערציילט א מענטש,
וואָס איז מיט לויטערקײַט געבענטשט,
ער האָט דערקאָנט דיכ דורכנ בלײַ,
ז׳עסט אויס א ביסל ווי טשאפּײַ,
פונ שטשאָרסנ כאפּסט דעמ אָנבליק אויכ,
ער האָט דערקאָנט דיכ דורכנ רויכ...

ער האָט געזענ דיכ אינ באגינ
מיט טיילנ שפּאניענ אפּ בערלינ.

א פאָלק, וואָס האָט אזעלכע זינ,
א פאָלק אזא וועט ניט פארגיינ!

שטיי אופ, מײַנ פרײַנט, פונ קאלטנ שטיינ
אונ קומ מיט אונדז
אינ לעצטער שלאכט.
דײַנ שטערנ לויכט
ניט נאָר באנאכט.
אינ שײַנ פונ אונדזער לאנד ער לעבט,
אינ אויג אינ אונדזערנ פארוועבט,
דאָס איז די שײַנ פונ אונדזער זײַנ,
פונ אונדזער האָפענונג די שײַנ.

# ליד פון קאָבזאר

סטרונעס, מײַנע סטרונעס,
אומרויִקע מײַנע,
טראָגט די ווונדער־קלאנגען
איבער גאנץ אוקרײַנע.

ס'רוישן די טאָפּאָליעס,
גרויזאמע און גרינע,
רוישט ווי די טאָפּאָליעס
סטרונעס מײַנע, דינע!..

בא די ברייטע ברעגן
פליסטערן די טײַכן,
פליסטערט ווי די טײַכן
און ווי זייער גלײַכן...

ס'צווּיטשערן די פויגלען,
פאָכן מיט די פליגל,
צווּיטשערט מיט די פויגלען
א קאָבזארסקע ניגון.

אויגן מײַנע, אויגן,
קאָפּ מײַנער, מײַן גרויער,
כ'האָב אמאָל געזונגען
וועגן וויי און טרויער...

ס'פלעגט א קראָ א ווילדע
איבער מיר זיך וויגן,

און די פּריצים האָבן
אויסגעלאכט מײַן ניגן,

אויסגעלאכט מײַן ניגן,
אויסגעלאכט מײַן דאָליע,
ס'פליִען באַ די וועגן
וויינען די טאָפּאָליעס...

וויינען די טאָפּאָליעס,
די בערעזעס קלאָגן,
און עס פליִען קלאָגן
רעדער אַף די וואָגנס...

ס'איז די צײַט געגאַנגען
אומעטיק און ביטער,
ס'פליעגט פון סטרונעס מײַנע
יאָגן מיט געוויטער...

און דער גרויער דניעפּער
איז געווען אַן איידעס,
ווי עס פליִען אופשטיין
קעגן נויט די זיידעס...

אַף די פּאַנסקע פעלדער
האָט זיך שווײַס געגאָסן,
אין דעם גרויען דניעפּער
זייער בלוט געפלאָסן.

שלאָפן יענע זיידעס,
רוען די קורגאַנען,
וועגן זייער גוורדע
רוישן נאָר די טאַנען,

רוישן איצט די טאַנען,
שעפּטשען זיך די זאַנגען,
און קאָבזאַרן זינגען
זייערע געזאַנגען...

פון די וויסטע בוטערס
האָט געשפּאַרט דער צאָרן,
ס'האָט אין שטעט און ווייטע
אָנגעהויבן קלאָרן...

האָבן זיך צעפּלאַקערט
פּאַנען, ווי די שטעטעלעס,
ווי א וויכער טראָגט זיך
שטשאָרס מיט זיינע רייטערס...

שטשאָרס מיט זיינע רייטערס —
מיינע יונגע ברידער,
ווי א קוואַל א פרייער
שפּילט מיין קאָבזע ווידער...

זאָלן אַלע הערן,
ווי עס זינגט אוקראַינע,
דיטי מאָי, דיטי, —
פרייע קינדער מיינע!

# א וועגדונג צו פערעצן

כ'קאָן זיך היינט צו דיר ניט ווענדן,
ווי מע ווענדט זיך צו א מענטשן,
וואָס איז שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן
פון דער שווינדלדיקער ערד,
וואָס זיין גאַנג איז שוין פאַרגאַנגען,
וואָס זיין נאָמען איז פאַרהאַנגען
מיט א פאָרהאַנג פון פאַרגעסונג,
און זיין וואָרט איז שוין קיין וואָרט ניט,
און זיין ווערט האָט ניט קיין ווערט...

ניין! איך קאָן ניט, און איך דאַרף ניט,
כ'וויל צו דיר זיך היינט ניט ווענדן,
ווי דו וואָלסט בעעמעס רוען
אַפן וואַרשעווער בעסוילעם
מיט א טרויער־צאַם פאַרשטעלט,
לעבסט היינט מיט א שענער לעבן
פון א סאַך, וואָס לעבן טאַקע,
נאָר זיי בלאָנקען ווי די שאָטנס
אַפ דער לעבעדיקער וועלט...

כ'וויל ניט וויסן, כ'וויל ניט הערן,
אז דו ביסט אַוועקגעגאַנגען,
אז דו האָסט מיט אונדז צעשיידט זיך
פריער מיט א דרייסיק יאָר,
כ'וויל קיין העספּעד דיר ניט מאַכן,
כ'זע אַפ גאַסן דיך, אַפ שליאַכן,
ביסט א מענטש פון אונדזער דאָר,
און דיין כאָלעם איז מיין וואָר...

אינ דער הויפט־שטאָט פונ די הויפט־שטעט,
אינ דער שטאָלצער פרײַער מאָסקווע,
א באַלויכטענעם מיט ליבע
כ'זע דיכ זיצנ אויבנאָנ,
איינער זאָגט: דו ביסט א גאָענ,
אונ דער צווייטער — ביסט א פאָנ,
אונ פאַר מיר ביסטו דער דיכטער,
וואָס האָט אלצ געשטעלט אינ קאָנ...

ביסט פאַר מיר מײַנ שטאָלצער שמייכל,
ביסט מײַנ גרויזאמער געוויינ.
ווענ איכ זאָל צו דיר ניט קומענ,
ביסטו קיינמאָל ניט אליינ.
ס'קוקט אפ דיר אווראָמ גאָלדפאדנ
אונ פארשטייט דײַנ טיפנ מיינ;
ס'זיצט לעמ דיר שאָלעמ־אליייכעמ,
כ'זע אימ פונ דער רעכטער זײַט,
כ'זע אויכ מענדעלענ דאָ זיצנ,
כ'זע דאָ ביאליקנ ניט ווײַט,
דאָוויד בערגעלסאָנ אונ ניסטער
זיצנ גראַדע זייער נאָ'נט...
קושניראָוו האָט מיטגענומענ
פונ דײַנ אימפעט אפנ פראָנט.
אזוי פרי אונ אזוי הײַנטיק
איז דײַנ ליבע אונ דײַנ האס,
ווי דער שמייכל פונ די קינדער
אפ דער מינסקער פערעצ־גאס...

האָסט מײַנ קינדהײַט אינ די געסלעכ
אינ די שטויביקע געפרייט,
האָסט מײַנ יוגנט ניט פארגעסנ,
אינ מײַנ רײַפקײַט מיכ באגלייט.
אונ ס'איז גוט מיר הײַנט צו וויסנ,
אז דו ביסט נאָכ יונג אונ שטארק,
אז אוועק איז ווי א וואָלקנ
פונעמ וועג דער אלטער מארק.

אַז פאַרשווּנדן איז אַפּ אייביק
פון די געסלעך באַנציקע שווינג,
אַז מײַן פאָלק איז ניט קיין דאָרן,
נאָר אַ לעבעדיקע צווײַג.
מ'האָט זי שטאַרק אַרומגעריסן,
מ'האָט צעשמעטערט אַפּ איר די נעסט,
נאָר עס רוישט שוין דאָס געבלעטער,
און די וואָרצלען זײַנען פעסט...

קומסט מיט יעדן פרילינג ווידער,
מיט אַ גרינעם פלאַם צעברענט,
כ'האָב אין גראָז אין יענעם גרינעם
דײַן אומשטערבלעכקייט דערקענט,

כ'האָב געזען אַ מאַמע שפּאַנען
איבער קוואָרים און קורגאַנען
מיט אַ קינד אַפּ אירע הענט,
כ'האָב אין קינד, וואָס וויל ניט שטאַרבן,
דײַן אומשטערבלעכקייט דערקענט...

ס'האָבן טײַכן זיך געגאָסן,
טײַכן טרערן, יאַמען בלוט,
איך בין שטאָלץ, וואָס כ'קאָן דיר מעלדן,
אַז מײַן פאָלק האָט ניט גערוט,
אין דער שלאַכט האָבן געפלאַקערט
זײַנע טעכטער, זײַנע זין,
אַז דײַן נאָמען אין די הערצער
האָבן זיי געבראַכט אַהין.

צווישן שטאַרבנדיקע העלדן
מיט די ביקסן אין די הענט
האָב איך נאָכאַמאָל און ווידער
דײַן אומשטערבלעכקייט דערקענט.

# א בריוו צו שאָלעמ-אַלייכעמענ

איכ שרײַב צו דיר א בריוו
אונ שיק זי מיט די טויבנ,
דײַנ אדרעס ווייס איכ ניט,
נאָר כ'הער ניט אויפ צו גלייבנ.

אז ס'וועט אינ יעדער שטוב
מײַנ ווײַטע בריוו דיכ טרעפנ,
עס וועט אינ יעדער שטוב
די טיר זיכ טאָנ אנ עפנ,

א קלוגנ טאָג וועט א קאָל
מיט ליבע ווערטער, ווייכע
אונ מעלדנ יידיש-פראָסט:
דאָ לעבט שאָלעמ-אַלייכעמ!

איז דענ פאראנ א שטוב,
דו זאָלסט באמ טיש ניט זיצנ?
ווו ס'זאָל דײַנ זאפטיק וואָרט
ניט טרייסטנ אונ ניט שיצנ?

אינ טעג, ווענ ס'שפּאַרט דאָס גרינס
פונ אלע טיפע גרונטנ,
מײַנ בריוו וועט טרעפנ דיכ
א שטאַרקנ, א געזונטנ.

אונ טראַכסט ניט וועגנ טויט,
ווענ אלצ איז פול מיט לעבנ,
אונ נעמענדיק מײַנ בריוו,
וועסטו מײַנ שפּאַס פארגעבנ...



8*

ס׳האָט הײנע זיך דערלױבט
אַמאָל אין לידער שפּאַסן,
און פּושקין האָט געלױבט
די שפּאַסנדיקע גאַסן...

דער פֿרילינג איז מיט אונדז,
איך זע, װי ס׳שפּילן שטראָמען,
אין מאָסקװע־שטאָט, אָט דאָ,
דערמאָן איך הײנט דײַן נאָמען.

איך זוך דיך אומעטום
מיט אױגן מיט ניט זאַטע,
ביסט דאָ און ביסט ניטאָ,
מײַן נאָענטסטער, מײַן טאַטע...

װען דו װאָלסט קומען הײַנט
אין קאַנט מײַנעם אין ליבן,
עס װאָלט דײַן קלוגע פּען
פֿאַר דװירעס אונדז באַשריבן.

עס װאָלטן גרױס און קלײן
געקומען זען דיך, הערן,
און ס׳װאָלטן קװײטן דיר
געבראַכט די פּיאָנערן...

זײ װאָלטן דיך באַהאַנקט
מיט דראָשעס און מיט טאָסטן,
געלױבט פֿאַר דײַן געזאַנג
דעם זוניקן און פּראָסטן.

דו װאָלסט דערזען מיט פֿרײד
נאָך אַלע שװערע יאָרן,
װי סטעמפּעניו, מײַן פֿרײַנט,
איז אױסטראַך הײַנט געװאָרן.

ווי מאָטל פּייסים שפּאַנט
מיט אָרדענס אין די לאַצנ.
ווי האָדלס שטאָלצע מי
איז הײַנט ניט אָפּצושאַצנ...

מיט פּערטשיקנ איכ זינג,
איכ רעד מיט טעוויעס טעכטער,
איכ שטיי אינ מאָסקווע-שטאָט
אונ וואַרט אַפּ דײַנ געלעכטער...

ווענ דו זאָלסט זײַנ אַט דאָ,
ווענ דו זאָלסט קענענ קומענ,
א גענעראַל א ייד
וואָלט דיכ אַרומגענומענ...

לעמ בירא ס'וואָלט א יונג
פאַרבײַגעגאַנ מיט פולנ,
דו וואָלסט דאָכ איצט געווענ
ניט עלטער פונ דזשאַמבולנ...

אפילע הײַנט, מײַנ פרײַנט,
נאָכ אַלע גוטע זאַכנ,
עס טרעפט אַמאָל אַזוינס,
וואָס לוינט זיכ אויסצולאַכנ.

איז קום! איכ וואַרט אַפּ דיר,
כ'טו עפנטלעכ דאָס מעלדנ,
דערווײַל איכ שיק פונ ווײַט
א גרוס פונ דײַנע העלדנ.

כ'האָב טעוויענ דאָ ניט לאַנג
אינ בויערקע באַגעגנט,
ער קומט פונ סאַמאַרקאַנד
צוריק צו זיכ אינ געגנט,

ער האָט פאַרלאָרנ אַלצ,
פונ זײַנ געזינד — א פּערטל,

און אלץ — דער זעלבער שפּאַס,
און אלץ דאָס זעלבע ווערטל...

דו זעסט, ער פליט, ער לויפט
פאַרפאָרעט און באַוואַקסן?
ער האָט ניט לאַנג געקויפט
א וואָגן מיט צוויי אָקסן.

מענאַכעם-מענדל איז
אין קאָן שוין צווישן מענטשן,
ער האָט שוין א מעדאַל,
דו וואָלסט אים ניט דערקענט שוין...

אַנטשולדיק מיר, מיין פריינט,
מיין בריוו האָט זיך פאַרצויגן,
די זון — זי פלאַקערט היינט
און בלענדט מיר אין די אויגן.

די ערד איז ברייט און פריי,
דו האָסט מיין רוף פאַרנומען?
און אָפט איך טראַכט: אוי, —
א שאָד, וואָס קאָנסט ניט קומען!

מיט אלע דיינע זין
און אייניקלעך און טעכטער
איך שטיי אין מאָסקווע-שטאָט
און וואַרט אויף דיין געלעכטער.

# IV. אונטערוועגס

## באַם שוואַרצן ים

גוטמאָרגן, ים, דיר, שוואַרצער ים,
כ'קום ווידער קושן דײַנע שוימענדיקע בלוי־טעג,
דו האָסט מיך אָפּגעסאַמט מיט יענעם סאַם,
וואָס איז מיר ווי די לופֿט די קלאָרע נייטיק.

און ווו כ'בין ניט געווען, האָב איך געטרוימט
פֿון דײַנע פֿאַרהאַרעוועטע שטראָמענדיקע גינגאָלד,
מיט פֿעלדזן טויזנטיאָריקע באַזוימט,
מיט ברעגן טויזנטיאָריקע באַרינגלט...

און ווו כ'בין ניט געווען, האָב איך געדענקט,
אַז פּושקין וואַרט, ווי דו, אַף אונדזער קומען,
ער האָט, ווי דו, נאָך אונדזער לופֿט געבענקט,
און ס'האָט זײַן שטאָל דער זשאַוווער ניט גענומען.

ער איז, ווי דו, געבליבן ניט באַפֿלעקט,
דײַן בלויע טרער האָט ער געטראָגן אַף זײַן וויע,
און כאָטש ער איז געשטאַנען אומבאַוועגט,
האָט זיך אין אים געראַנגלט דײַן סטיכיע.

דײַן שוים איז רייצנדיק און לאַכנדיק באַגײַס
און זעט הײַנט אויס אין די אָדעסער שטראַלן,
ווי פּושקינס לאָקן וואָלטן ווערן ווײַס
און בא דײַן הייסן ברעג אַראָפּגעפֿאַלן.

דײַן יעדער שטראָם שטייט אוף פון טיף,
ער הייבט זיך אוף אַף פליִיצנדיקע רינגען
און גייט צו ברעגן, ווי אַ גרינע שיף,
מיט ווײַסע זעגלען פלאַטערדיקע, גרינגע.

דו ליגסט אַן אָפענער און לאַכסט צום ברעג,
נאָר דײַנע סודעס זײַנען פול מיט טרויער,
באַהאַלט ניט אויס פון מיר די כוישעכדיקע טעג,
כ'ליִיג צו צו דיינע טיפקײַטן מײַן אויער.

אַ וווּנדער, ווען ס'זעט זי ניט די גאַרע וועלט,
טוט ווייניקער דען וויי? דײַן סאָד פאַרטרוי מיר,
כ'וואָלט אויך ווי יענער דיכטער זיך לעם דיר אוועקגעשטעלט
און וואָלט ווי ער געווען דײַן שווײַגנדיקער שוימער.

זײַן רום איז מיר שוין קיינמאָל ניט באַשערט,
זײַן גרויסקײַט וועט אַף מיר אים ניט פאַרבײַטן,
דערפאַר האָב איך געזען אַזאַ ערד,
וואָס ער האָט נאָר געזען פונדערווײַטן...

אָדעס — אוזשגאָראָד.

# אונטער א רעגן...

זאָל דער רעגן גיסן, גיסן,
כ'וויל אצינדער גאָרניט וויסן,
גאָרניט הערן, נאָר זײַן קאָל,
נאָר דעם מורמל פון די טראָפּנס
בא דעם וואַלדיקן צוקאָפּנס
פון דעם פאַלנדיקן טאָל.

כ'בין אצינדער אונטערוועגנס,
כ'בין דעם וואַלדס און כ'בין דעם רעגנס,
נאָר ניט איינזאַם בין איך איצט.
וואָס זשע שרעקן זיך די ביימלעך?
ווען עס דונערט, ווערט מיר היימלעך,
ס'ווערט מיר ליכטיק, ווען עס בליצט...

זאָל דער רעגן פאַלן, פאַלן,
פון די טראָפּנס ווערן קוואַלן,
און די קוואַלן רעדן אויך.
טראָפּנס שפּילן ווי אף פלייטן,
קוואַלן קומען אָפּן גרייטן,
און זיי שרײַען זייער הויך...

איינער האַלט פון טראָפּנס שטילע,
שטילע ווי אַן אַלטע טפילע,
שטילער פון דער רו אַליין.
און א צווייטער האָט ליב קוואַלן,
ווען זיי רוישן, ווען זיי שאַלן,
זאָל דער רעגן גיין און גיין!

ס'וועט דער טראָפּנ ניט פאַרלוירנ,
ווענ עס ווערט א קוואל געבוירנ.
אונ ער ווייסט אליינ מיסטאָמ,
אז זײַנ ענדע, אַז זײַנ פאַלנ
אינ די ווירבלדיקע קוואַלנ
איז דער אָנהייב פונ א יאמ...

אוזשגאָראָד.

# אומדערוואַרטע טעג

ווידער פֿליִענ צוגנ, ווידער הודענ רעדער,
ווידער פֿינקלענ אויגנ בלויִלעכ, גרינלעכ, שוואַרצ,
אונ עס לאַכנ פֿויגלענ אינ פֿאַרליבטע סעדער,
ווידער, ווידער ווילט זיכ עפּעס אומדערוואַרטס...

זאָל דאָס זײַנ אַ ווערבע מיט פֿאַרטרוימטע צווײַגנ,
וואָס באַהאַלט אינ שאָטנ אַ פֿאַרטרוימטע פּאָר,
זאָל דאָס זײַנ דאָס גוטע שעמעוודיקע שווײַגנ,
וואָס איז ווי אַ ליד אַ דורכזיכטיקע קלאָר...

זאָל דאָס זײַנ אַ קוימענ מיט אַ רויכ אַ גרויענ
אינ אַ סטעפּ אַ שטילנ פּלוצעמ, אומגעריכט,
זאָל דאָס זײַנ אַ וויכער, וואָס איז מיד שוינ ווייענ
אונ פֿאַרלעשט די שנייִענ, ווי די מידע ליכט...

ווידער בליִענ רויזנ, ווידער פֿאַלנ עפּל,
ווידער שפּאַלטנ שיפֿנ פֿעסטונגענ פֿונ אײַז,
ווידער איז דער מאָרגנ אינ אַ נײַגער־נעפּל,
ווידער, ווידער, ווידער ווילט זיכ עפּעס נײַס...

זאָל דאָס זײַנ אַ שײַטער אינ אַ וואַלד אַ טיפֿנ,
זאָל דאָס זײַנ אַ מילדער, ווילדער איידלשטיינ,
זאָל דאָס זײַנ דער טרויער פֿונ פֿאַרלאָזטע שיפֿנ,
אָדער גאָר אַ רײַזע צו דער זונ אַליינ...

זאָל דאָס זײַנ אַ שמייכל פֿונ אַנ ערשט געבוירנס
אָדער גאָר אַ קווענקל פֿונ אַנ אַלטנ מאַנ,
זאָל דאָס זײַנ אַנ אַלטינק ווינטל אַ פֿאַרלוירנס,
וואָס האָט זיכ פֿאַרפּלאָנטערט אינ אַ יונגנ טאַנ...

אונ אפילע איצטער, אינ די נײַסטע צײַטנ,
ווידער זינגענ דיכטער וועגנ הערצ אונ שמערצ,
גייער גייענ ווידער, אונ די רײַטערס רײַטנ,
ווידער, ווידער ווילט זיכ הערנ ניט געהערטס...

זאָל דאָס זײַנ א מײַסע, וואָס איז ניט געשטויגנ,
זאָל דאָס זײַנ א כאָכמע פונ א נאַריש קינד,
זאָל דאָס זײַנ א טיגער מיט פאַרווײנטע אויגנ,
וואָס האָט זיכ אנטשולדיקט פאַר א טויטער אינד.

זאָל דאָס זײַנ א קוועלכל אינ א פעלדז א ברוינעמ,
צי א נײַס פונ כינע, וואָס באַזיגט די נאַכט,
זאָל דאָס זײַנ א בסורע וועגנ גליק אַזוינעמ,
וואָס א מענטש א פראָסטער האָט דער וועלט געבראַכט...

## אונטער באַלטישע הימלען

איך בין ווי אַ יאַם,
אַ צעשויבערטער יאַם
אין אַ שטורעם אַ שטאַרקן,
עס טראָגן זיך שיפֿלעך
דורך כוואַליקע בערג,
אינעם כוישעך פֿאַרבאָרגן,
עס זידלען זיך שטראָמען מיט שטראָמען,
ווי ס'וואָלטן פֿון אַלע מעשוגענע מאַרקן
געקומען די סעדעכעם
פּרוּוון דאָ זייערע גאָרגלען...

און כ'ווייס ניט,
צי טאַנצן די ברעגן אַרײַן
אינעם יאַם דעם צעברויזטן,
צי ס'טראָגט זיך דער יאַם
אויף די ברעגן בערויגעז און שיקער,
איך ווייס ניט,
צי הייבן די פֿעלדזן אַריבער יאַם די צעיושעטע פֿויסטן,
צי וויל גאָר דער יאַם
אָט די פֿעלדזן צעהאַקן אויף שטיקער?

איך שטיי אויפֿן ברעג,
און איך ווייס ניט, צי איז נאָך באַגינען,
צי ס'האָט שוין דער שטורעמישער הימל
די נאַכט
אויף די כוואַליעס פֿאַרלאָרן,
איך זע נאָר

צוויי אויגן
אין קנײליקער פינצטערניש גרינען,
און ס'דוכט מיר:
ס'איז רויק און שטיל הינטער שטורמישע הימלען געוואָרן...
ריגע.

# א בעסאַראַבישער מאָטיוו

דײַנע שטעכעטנ, גינעלע,
האָבנ לאַנג צו מיר געווונקענ
מיט די בעסאַראַבער בלומענ,
מיטנ פײַער פונ דײַנ ווײַנ,
דײַנ גרינוואַלדיקע קאַפּעלע
האָט אינ טרויער זיכ געטרונקענ
אונ געוואַרט, אַז איכ זאָל קומענ,
אונ געהאָפּט, אַז איכ וועל זײַנ.

דײַנע ווײַנגערטנער, גינעלע,
פּלעגנ אומקומענ פונ בענקשאַפט,
אינ דעמ וואַסער דעמ דונײַער
פּלעגט זיכ אָפּשפּיגלענ דײַנ פּײַנ.
ס'פּלעגנ דרעמלענ כאַטעס געלע
אונ געהאָפּט אינ זייער ענגשאַפט,
אַז כ'וועל קומענ טאַקע האַיאָר,
אַז כ'וועל קומענ אונ וועל זײַנ.

אונ אַפּ יעדער טראָט, גינעלע,
האָט געזאַמלט זיכ דער צאָרנ
קעגנ שטרויִקײַט פונ דעכער,
קעגנ טונקל פונ דײַנ שײַנ...

אונ נאָר אינדזעלעכ נאָר העלע
פּלעגנ לויכטנ דורכ די יאָרנ
אונ געוואַרט ווי פּוסטע בעכער
אַפּנ לעבעדיקנ ווײַנ!

און דײַן טרויער־קלייד, גינעלע,
וועסטו וואַרפֿן מיט די זאַנגען
בײַ די ברעגן בײַ די פֿרוטער,
ווו די פֿעלדזן פֿאַלן אײַן.

די וועסט טראָגן, ווי אױף טעלער,
אונדזער פֿרידלעכן גוטמאָרגן,
ס׳וועט די ערד דיר זײַן אַ מוטער,
און אַ פֿרײַנט וועל איך דיר זײַן.

כ׳בין געקומען, מײַן גינעלע,
ביסט אַרויס צו מיר אַנטקעגן,
האָסט געפֿראַלט דעם הויכן טויער
פֿאַר מײַן שטורעמדיקן פֿערד.
די גרינפֿעלדיקע קאַפּעלע
האָט צעשפּילט זיך אױף די וועגן,
און דער בעסאַראַבער טרויער
איז אַנטרונען פֿון דער ערד.

קעשענעוו.

# טיפער פונעם יאם

כ'האָב ליב דעם יאם דעם גרויסן,
וואָס שלאָפט ווי איך אין הרויסן,
א יאם איז דאָך א יאם,
זײַנ רוישן און זײַנ שוויַיגן,
זײַנ פאלן און זײַנ שטיַיגן
האָט א באזונדער טאם,
כ'האָב זייער ליב דעם יאם...

דער יאם איז ווי א שפיגל,
דער ברעג איז ווי א ראם,
די כוואליעס האָבן פליגל
און טראָגן זיך ניט סטאם...

א יאם איז דאָך א יאם!..

ער שפילט דען אפ א פידל,
א שפיל איז אים די טיף,
זײַנ ליד איז ניט קיין לידל,
זײַנ ליד איז זייער טיף,
און טיפער נאָך מיסטאם
אפילע פונעם יאם.

אָדעס.

# שיינקייט

וואנדער, אויג מיינס, וואנדער, וואנדער!
פלי אהינצו, וווּ עס בליט,
וווּ עס שווייגט דער אַלעאנדער,
וווּ עס שורשעט דער סאַמשיט,

ווּ די בערג צו זוּן זיך הייבן,
וווּ מיט שוימיקן געשריי
טראָגן שטראָמען זיך ווי לייבן
און ווי בערן פאַלן זיי...

וואנדער, אויג מיינס, פלי אהינצו,
וווּ פון זאַפטן בוינג ווערט,
און אויב דאָס וועט זיין דיר ווינציק,
טו א הייב זיך פון דער ערד,

ווי א לופט־שיף טו א פלאַטער
גלייך אהין אין סטראַטאָספער,
אויב דו וועסט ניט ווערן זאַטער,
קום צוריק צו מיר, אהער...

וווּ א וועג — ביסטו געווען שוין
און פארזוכט שוין — ווּ א לופט,
העכסטע הייך האָסטו געזען שוין
און די טיפסטע טיף געפרווּט...

זעסטו שוין: ניטאָ קיין אנדער
שיינקייט, אויסער דער, וואָס בליט,
הער, ווי ס׳שווייגט דער אַלעאנדער,
ווי עס שורשעט דער סאַמשיט.

גאגרי.

# פונ סעדער סוכומער

א גרוס אײַכ פונ סעדער סוכומער,
דאָרט שמעקנ נאָכ ביימער מיט זומער,

אונ ס'רופנ די סטעזשקעלעכ ברייטע
מיט באָרוועסע צייכנס צעזייטע.

אונ ס'ביינדלעג זיכ מאַלפּעס אינ שטײַגנ,
זיכ וויגנ מיט זונ אפ די צווײַגנ,

איכ האָב אימ געלאָזנ, דעמ זומער,
אינ האַרבסטיקע סעדער סוכומער.

די בערג די קאַווקאַזער — אַהינטער
בא מיר אינ דער היימ איז שוינ ווינטער.

אונ ס'ווילט זיכ מיר ברענגענ כאָטש עפּעס
אַהינ אינ די שנייִיקע סטעפּעס.

כאָטש ברענגענ א פּיצעלע זומער,
א ביסעלע זונ־שײַנ סוכומער.

די זונ־שײַנ איז ליידער געבליבנ
באַמ יאַמ, אינעמ באַרגיקנ שטיבל.

געבראַכט האָב איכ אַפּ אוקראַינע
מאַראַנצנ מיט בלעטעלעכ גרינע.

אונ ווענ איכ פאַרגעס זיכ אינגאַנצנ,
ווערט זומער פונ מײַנע מאַראַנצנ.

סוכומי.

# מיד איז די מידבּער...

מיד איז די מיחבער
פונ קעמלענ, וואָס קעמענ דעם זאמד
אונ פלעבטנ די זאמדיקע צעפ
אפ די שטרעקעס צעגליטע,
א קראנקער פונ היץ
האָט דער טאָג אינ דער הייכ אָפּגעפּלאמט
אונ ליגט ווי א בארמינענ
אפ דער פארסארפּעטער מידבערשער מיטע...

עס דרעמלענ אינ אויגנ בא קעמלענ
פארכאָלעמטע פונקענ פונ דאָרשט,
אינ אויגנ —
מיט זאמדיקער געלקײט, מיט מידבער פארצויגנ,
יאָרטויזנטער
האָבנ די קעמלענ דעם דאָרשט פונ דער מידבּער געפּאָרשט,
יאָרטויזנטער
האָט אָט דער שפּיציקער זאמד זיי געשטאָכנ די אויגנ...

אונ ס'איז שוינ די מידבער געווױנט
צום פארשלאָפענעם האמעטנעם שפּאנ,
צום הויד פונ דער האָרביקער בויד
אפנ קעמלשנ רוקנ.
צו דער פוילער אונ קאלטער פארכאָלעמטקײט פונ קאראוואנ,
וואָס איז ווי די מידבער
פארברענט אונ פארבראָנדזעט,
פארזאמדיקט
אונ טרוקנ...
אונ ס'קאפּעט פונ קאָפּיטעס שווערע

דער זאַמד אויפֿן זאַמד,
און קאַפּיטעס טאַפּן די זודיקע דעקן פֿון וועגן,
ווי זוכן זיי וואַלטן אַ קאַראַוון,
וואָס האָט זיך אין מידבר פֿאַרזאַמט
און וואָלט אַ יאָרטױזנט שוין
אונטערן זאַמד דאָ געלעגן...

עס שימערן ביינער אויף שטרעקעס,
זיי סטאַרטשען ווי צייכנס פֿון צייט,
די וועגוויַיזער הייבן אין וויסטעניש ביינערנע פֿינגער
און מעלדן: דאָ האָבן סאַמומען געראַיִשט
און געהוליעט פֿאַרשײַט,
און ס'האָט מיטן זאַמד זיך געדרייט דאָ
אַ האַר, און אַ קנעכט, און אַ זינגער...

דער דאָרשט שפּאַרט ווי דעמלט
פֿון אַלע שפּאַרונעס אַרויס,
און ס'וויגט זיך אויף טרוקענע ווינטן
אַ דאָרשטיקער ניגון,
עס ציִען די קעמלען די העלדזער די לעכצנדע אויס
און הערן,
ווי ס'בולקען די ברונעמלעך פֿרישע
אין ליימענע קריגן...

און מיד זײַנען קעמלען
פֿון קעמען אין מידבר דעם זאַמד,
אַ טאָג ציט זיך אויס ווי אַ יאָר,
און עס דוכט זיך, זיי שפּאַנען,
זיי שפּאַנען
מיט יענעם געדולד
און מיט נײַגער מיט יענעם פֿאַרסאַמט,
וואָס האָבן געשפּײַזט נאָך אין אוראַלטע צײַטן
די קאַראַוואַנען...

די קעמלען דערקענען די מידבר,
זיי קענען זי גוט,

די מידבער דערקענט אירע קעמלענ אינ מידבערישנ גאַנג אינעם מידנ,
נאָר נײַ איז פאַר ביידע דער יונגער, דער קוואַליקער מוט,
דער שמייכל פונ זייערע טרײַבער,
וואָס קומענ אַהער
ניט נאָך רויב מיט געווער, —
נאָר שלוכים פונ שאָלעמ אונ פרידנ.

מיטלאזיע.

# אין דער פרעמד

די זעלבע זון, די זעלבע שטערן,
נאָר עפּעס אַנדערש,
כ׳קאָן שווערן,
ס׳איז עפּעס אַנדערש,
דער זעלבער וואַלד, די זעלבע לאָנקעס,
ניטאָ די גרינקייט,
ניטאָ די גרינגקייט,
א גלייכער וועג, נאָר ס׳דוכט דיר, אַז דו בלאָנקעסט...

א מאָדנע קרומקייט,
א מאָדנע שטומקייט
אַף אַלע בערגן.
און ס׳בלענדן ווערטער אַף די וועגן:
— קויפט מאַראַנצן (אין ציגאַר־פּאַפּיר)
— סיגאַרעטן (אין ציגאַר־פּאַפּיר)
— פעלט אייך טרויער? (אין ציגאַר־פּאַפּיר?)
— פעלט אייך ליבע (אין ציגאַר־פּאַפּיר!)

דער זעלבער בוים, דער זעלבער טרויער,
די זעלבע שוועל די טריבע,
נאָר עפּעס אַנדערש.
די טרער אפילע, די גרייזע טפילע
איז אין ציגאַר־פּאַפּיר...

אַף יענע ליפּן — ניט אונדזער שמייכל,
אין יענע מויכעס — ניט אונדזער סייכל,
ניט אונדזער ווייץ אין יענע סטויגן,

ניט אונדזער פלאם אין יענע אויגן,
ניט אונדזער לאנדיש...
די זעלבע זון, די זעלבע שטערן,
נאָר עפּעס אנדערש.

טשיקאגאָ.

## מײַן ערשטע ליד

געווען איז דאָס אין שפּאָלע אָפּ לעסנאיע, —
א געסעלע אזא, א קוויטיקס, א מעכײַע,
מיט אַלטע װײַבער אָפּ די אַלטע טרעפּ,
און יונגעלײַט מיט יאַרמלקעס אָפּ קעפּ,
מיט גראָבע באַלעגאָלישע געשרייען,
מיט ליבן זומער־שטויב און בייזע ווינטער־שנייען...

עס איז געווען דער פּערטער יוני אָפּ דער וועלט,
דאָס יאָר דאָס אכצנטע האָט זיך אין קאָן געשטעלט
מיט זײַנע שוואַרצגריבער און העלדישקײַט און נויט,
ווען יעדער יונג האָט זיך אַליין א סאָד פאַרטרויט
און האָט געזוכט זײַן מאָרגן — זײַן פאַרמעגן,
ווער אָפּ די בערג, ווער אָפּ די נידער־וועגן...

אויב איך בין יונג געווען ווי אַלע יונגע,
ווען כ׳האָב דערפילט, ווי ס׳האָט דער זומער זיך צעזונגען
אין מײַנע הייסע פיבערדיקע הענט,
האָט אין די הענט א בליץ געטאָן א בלײַער —
און ניט קיין אויסיעלעכ, נאָר טראָפּנס פײַער
האָבן אין העפט מײַנעם אין דינעם זיך צעברענט...

אזוי האָב איך מײַן ערשטע ליד פאַרשריבן,
זי איז אין די אַרכיוון ניט געבליבן,
נאָר כ׳האָב זיך הײַנט דערמאָנט מײַן ליד — מײַן בכאָר,
צי ווײַל א נאַרישקײַט געדענקט זיך,
און נאָך די קינדער־יאָרן בענקט זיך,
און עלטער כ׳בין מיט פינף און צוואַנציק יאָר...

דאָס איז געווען אין שפּאַלע אַפּ לעסנאיע
צווישנ זידלערײַ און פויגל־צוויטשערײַענ,
און הײַנט בינ איכ אינ מידבער אינ סוראַנ,
און ווידער איז דער פּערטער יוני הײַנט,
און ווידער בריט די גוטע זונ הײַנט,
ניט די, וואָס האָט געבריט מיכ דאַנ...

די מידבער־ווינטנ גליִענ, בראָטנ,
איכ בלאָנקע אומ און זוכ אַ שאָטנ,
ס'איז זונ מיט שאָטנ אויסגעמישט,
איכ טראָג אַפּ זיכ דאָס פֿײַנע בינטל,
און ס'בענקט זיכ שטאַרק נאָכ יענעמ ווינטל,
וואָס האָט מיכ אינ מײַנ לאַנד געפרישט.

4 יונ 1943
סוראַנער מידבער.

# א לויבגעזאנג די פריילעכע קאפצאָנימ

צי וואָלט די וועלט געהאַט א פּאָנעמ,
צי וואָלט די וועלט געהאַט א טאַמ,
ווענ ניט די פריילעכע קאַפּצאָנימ,
וואָס ביז די קני איז זיי דער יאַמ,

ניטאָ קיינ שטוב, קיינ פּיצל דאַכ ניט,
ניטאָ קיינ קרויווימ אונ קיינ געלט,
דערפאַר איז דאָ די פליגל־מאַכנע,
ס'איז דאָ א הימל אפּ דער וועלט!

דער גרויסער הימל קאָסט דאָכ גאָרניט,
די ערד, נו שלאָפ זיכ, ווּ דו ווילסט,
עס דאַרפ דיכ קיינער אפ קיינ האָר ניט,
אונ זאָגסטו עפּעס, גלייב דו בילסט!..

ניטאָ קיינ שיכ, ניטאָ קיינ אָנטאָנ,
ניטאָ קיינ יאָמטעוו אונ קיינ וואָכ,
א שטיקל ברויט איז דאָכ א יאָמטעוו,
א דאַרער בייגל מיט א לאָכ...

גייסט איבער שטעט אונ איבער סטעפּנ,
פונ אומגיינ ווערסטו דאָכ ניט מיד,
דו דאַרפסט דיינ גוטס אפּ זיכ ניט שלעפּנ,
קיינ שווערע קאַסטנס האָסטו ניט...

א פּראָסטער זאַק איז דיינ פאַרמעגנ,
אנ איבערבעט — דאָס גרינע פעלד.
דערפאַר האָסטו אזויפיל וועגנ,
נאָר מאַזל, ברודערל, דיר פעלט.

דו שלאָפסט געשמאַק הינטער די בריקן,
אין גאָלדן לאַנד איז געל דײַן הויט,
דו שעלטסט דעם גלאַנץ פון זײַנע גליקן,
די וואָלקן־קראַצערס פון דײַן נויט...

פון צאָרן לויכט דאָס בלאַסע פּאָנעם,
אין מערק פאַרהאַנדלט איז דײַן פרייד,
אַ לויב די פרייליכע קאַפּיטאַניום,
וואָס זיגן הונגעריקערהייט!

ניו־יאָרק, איסט־סײַד.

# כמארנע

שווארצע כמארעס, ווי מאָנאכנ מיט די שווארצע פּאָלעס,
לאָזנ זיכ אינ וועג אינ וויַיטנ ווידער פּראווענ גאָלעס.

פולע קרוגנ בלוי אונ פרישקייַט שווימענ באַ די זייַטנ,
שווארצע כמארעס ווי מאָנאכנ פונ סאַבעסקיס צייַטנ.

נעמט א גרויסער רויכ א מילדער פונ די כמארעס שפּאָרנ,
דוכט זיכ, אז מאָנאכנ שווארצע רייכערנ ציגארנ.

ווערנ קלײנע כמארנע שכיינים געלבלעכ — קוטשעראווע,
דוכט זיכ, די מאָנאכנ שווארצע טרינקענ מילכ מיט קאווע.

ווערט די וואנדערער מאָנאכנ „סקיטשנע" אינ די הייכנ,
ווערט זיי מלאָסנע, וואָס זיי קענענ צו דער ערד ניט גרייכנ.

אונ זיי האלטנ פונ דער ערד דאָכ, אונ פינ זינד זיי האלטנ —
האָט מענ זיי דערפאר פארשלייַדערט אינעם רוימ דעמ קאלטנ.

ווו מע קאָנ קיינ זעקס־אונ־זעכציק צווישנ זיכ ניט מאכנ.
ניט קיינ ווייַנ אונ ניט קיינ ליבע. וויינענ די מאָנאכנ...

פונ די אופגעשטראלטע אויגנ פלייצט א גרויסער רעגנ,
ס'העלפנ זיי די ביימער וויינענ אפ די פוסטע וועגנ...

פונ אזא געיאָמער, זאָגט מענ, איז צוריק מיט יאָרנ
יענער מאבל דער בארימטער אפ דער ערד געוואָרנ...

אויסגעוויינט זיכ, אויסגעקלאָגט זיכ, רוענ די מאָנאכנ,
אונ דערנאָכ מע זעט זיי אומגיינ איבער אלע שליאכנ.

**מעקסיקע.**

## אין צירק

פון אַלע ווינקלען גייט אַ זעץ
די שײַן, אַט ווערט זי קלאָרער, לינדער,
און אָפן אָרט פון מילדן לעץ
שטייט שוין אַ פראַק און אַ צילינדער.
אַ בײַטש — אַ לאַנגע גייט אַ פײַף
און טוט אַ פּאַטש דעם זאַמד דעם געלן,
עס שפּרינגען פערד איבער די שוועלן,
די רוקנס שלאַנק, די ליטקעס שטײַף,
עס שפּריצט פון קאָפּיטעס דער זאַמד,
די סטענגעס פלאַטערן אין שטראַלן,
די גריוועס בלאָזן זיך און פאַלן,
די אויגן מיינען זיך צעפלאַמט.

ניטאָ פאַר אַט די פערד קיין שוועלן,
דאָס איז דעם עולם שטאַרק געפעלן,
נאָר ס'שווײַגט דער לעץ בײַ דעם מאַנעזש,
איין אַרבל — בלוי, דער צווייטער — בעזש...

און ס'טראָגן זיך די פערד געשווינדער,
עס שפּרינגען פון די בענק די קינדער,
דער גאַנצער עולם איז אַנציקט,
עס שטומט דער פראַק מיטן צילינדער,
און נאָר זײַן רעכטע האַנט זיך וויגט,
אַט ווערט זי שווער, אַט ווערט זי לינדער,
די רעכטע האַנט, עס שטייט דער פראַק,
ער שטייט פאַרקילט, ער שטייט פאַרגליווערט,
און פאַזע שוימענדיקע גריוועס
טוט נאָר זײַן בײַטש אַמאָל אַ קנאַק...
און ס'דוכט: כ'האָב איך אַמאָל געזען שוין
אין האַרלעם פאַכן מיט דער האַק...

בראָדווי.

## פערסישער אומעט

פערסישער אומעט
עגבערט און זשומעט,
זשומעט און קלעמט,
פערסישע וועגן
לויפן אנטקעגן,
כ׳בין אין דער פרעמד.

מיינע באגלייטער —
בארג־שפיץ פארשנייטער,
ארעמער ברעג,
מילן, וואס מאלן
שטויב אין די טאלן,
נעכטיקע טעג.

פערסישער טרויער
בא יעדן טויער,
בא יעדער טיר,
מאגערע רינדער,
בארוועסע קינדער, —
וויי איז צו מיר...

מיינע באגלייטער —
געסלעך פארדרייטע,
כוחוועס אין פאר.
שערבלעך און ציגל
רוען דא, ליגן
דריי טויזנט יאר...

מײַנע באגלייטער —
שוואָטימ צעזייטע,
אוראלטע טעג,
מידע סאָלדאטנ
מעסטנ דעמ מאטנ
מאָגערנ וועג...

מײַנע באגלייטער —
טײַנעג אונ ווייטעק,
גלויבנ אונ טרייסט.
פערסישע טרערנ,
ווענ וועט איר ווערנ
דערלייזט?

טעהעראנ.

# אזויפיל איכן

כ׳ווייס, כ׳װײַס, כ׳בין זיך מוידע,
ס׳האָט זיך יעדערער זײַן איך,
איינער שלעפּט זיך דורכן בוידעם,
און דער צווייטער דורך דער קיך.
ווען די טיר איז א צעפּראַלטע
און מע קאָן אַרײַנגיין לײַכט
מיט די וועגן די צעשטראַלטע
שטאָלץ און שיין און אויסגעגלײַכט.
שלעפּט זיך איינער דורכן בוידעם,
און דער צווייטער — דורך דער קיך...

קומען זיי אַרײַן ווי סוידעס,
זאָגט דער ערשטער: איך בין איך,
מאַכט דער צווייטער: איך בין איך,
שרײַט דער דריטער: איך בין איך,
קרעכצט דער פערטער: איך בין איך,
ווי איז מיר, אַזויפיל איכן,
דורכן אַלטן בוידעם קריכן,
בלאָנדזשענדיק אין קלאָרע טעג,
הערן זיי ניט אויף צו פרעגן,
און זיי זוכן צווישן וועגן
נאָך דעם בוידעמדיקן וועג,
נו, און מיר? מיר זײַנען מיר!
די, וואָס גייען דורך דער טיר.

לאָנדאָן.

# די נעסט

ראכילג.

דײַן הארץ איז די נעסט,
וווּ איך קאָן זיך פון שטורעמס באהאלטן.
באהיט זי פון זשאווער, פון פעסט,
באהיט זי, די נעסט,
וווּ איך קאָן זיך פון קינע באהאלטן.
דײַן הארץ איז דאָס אָרט,
וווּ איך רו,
וווּ איך ברויז
מיט מײַן נאָך ניט־געבאָרענעם וואָרט,
מיט מײַן זינדיקן טרויער דעם אלטן.
היט דײַן הארץ, היט די נעסט
פון וואנדערער גרויע, פון געסט,
וואָס קומען אַרײַן אין דײַן הארץ פונעם שטויב זיך באפרײַען
און ווידער אפּ וועגן אפּ אלטע און נײַע
זיך לאָזן נאָך שטויב און נאָך שטויביקער שײַן...
היט דײַן האַרץ!
היט דאָס ווינקל, וואָס האָט נאָך א ביסעלע רו פאר מײַן קאָפּ,
א ביסעלע צארטקײַט
און מוטערשע לופט פאר מײַן אָטעם...

כ'האָב ווינקלען א סאך אפּ דער ערד שוין באטראָטן,
פארשיידענע פרוכט
שוין פארזוכט
און נעסטן א סאך אפּ דער זינדיקער ערד שוין באזוכט.
געווען זײַנען נעסטן מיט טעפּיכער בונטע באצירט,
מיט גאָלד און מיט זילבער באהאנגען,
עס האָט מיך מײַן אומזין פארפירט,

כ'בין געגאַנגען,
נאָר ווען כ'האָב דערמאָנט זיך אין דיר,
האָב איך זיך געפילט ווי א רויבער,
וואָס האָט זיך באַגאַנוועט אליין,
און ס'האָט זיך געוואָלט דורך מידבאַריעס און יאַם־שטראָמען גיין
געפינען אָט דאָס, וואָס געפעלט האָט אין נעסטן א סאך —
דעם זויבער,
וואָס וווינט אין דער איינציקער נעסט,
ווו איך פיל, אַז איך בין ניט אין געסט...

**אפריקע, 1943.**

# דער פּאַפּוגע איז קאַלט

צעפּיפּט זיך אין דרויסן די וויוגע,
די שטאָט האָבן שנייען באַדעקט;
איך קוק אָף דער גרינער פּאַפּוגע,
די פליגל מיט רויטן געפלעקט,
ווי ס'וואָלטן זיי סרייפעס געשטעמפּלט,
ווי ס'וואָלטן זיי פלאַמען באַזוימט,
און ס'האָבן צוויי אויגיקע לעמפּלעך
פון אַפריקע ווײַטער געטרוימט:

געטרוימט וועגן שלאַנגיקע בליצן,
וואָס האָבן די דזשונגלען באַשײַנט,
און פון אַפריקאַנישע היצן
און וועגן פּאַפּוגעס — די פרײַנט.

זיי האָבן געטרוימט וועגן צווײַגן
מיט זון און מיט גרינס אָן אַ שיר
און האָבן געקוקט פונעם שטײַגל
אָף נאַכט, און אָף שניי, און אָף מיר.

איך אויגן דער פויגלשער ווײַ האָט
מיט טײַנע מיט שטומער געשטראַלט.
כ'בין שולדיק אין דעם, וואָס דער שניי האָט
געמאַכט אָט די וועלט אַזוי קאַלט?

ניט איכ האָב די שנייענ צעשאָטנ,
ניט איכ האָב דעמ פראָסט אויסגעטראַכט,
מײַנ וויי איז אינ דײַנעמ געראָטנ
אָט דאָ אינ דער פרעמד, אינ דער נאַכט,

אָט דאָ אינ דער ריזיקער ענגשאַפט,
וווּ אַלצ גייט קאַפויר אונ פאַרקערט,
האָט שטאַרק זיכ צעפלאַקערט מײַנ בענקשאַפט
אהיימ, צו מײַנ לאַנד, צו מײַנ ערד.

**וואשינגטאָן.**

# צום דניעפּער

איך געדענק דײַן געוויין, מײַן צעלויכטענער טײַך, מײַן געטרײַער,
יעדער טרער אויף דײַן וויי איז געווען ווי אַ כוואַליע די גרויס,
יעדער טרער אויף דײַן וויי, אויף דײַן ברעג, וווּ דאָס זילבערנע פֿײַער
דער צעשמעטערטער שוים האָט געשפּילט אויף דײַן דאָרשטיקן שויס...

כ'האָב געזען פֿון דער ווײַט דיך, מײַן אַלטער, פֿאַרכמאַרעטער שפּיגל,
מיט דײַן שטראָם, מיט דײַן טהאָם, מיט דײַן ברויז, מיט דײַן אָטעמען שווער;
און ווען ס'האָט אַ ווינט מיך געגעבן אַ ריס פֿון מײַן וויגל,
כ'בין געפֿאַלן אויף דיר, ווי אַ טרער פֿאַלט אַראָפּ אויף אַ טרער...

און כ'האָב זיך געזאָגט אינעם הויד אויפֿן כוואַליקן סאַמעט,
אַז אַ טרער איז ניט מער ווי אַ טרער, נאָר ס'האָט זיך מיר פּאַשעט געדאַכט,
און שפּעטער ערשט האָב איך פֿאַרשטאַנען: די טרער איז אַ מאַמע,
די טרער איז די מאַמע פֿון שטראָם, ווי דער מוט איז די מאַמע פֿון שלאַכט!

איך געדענק אים, דײַן פֿינקל, אויף קאַסקעס און הענט פֿון די שניטער,
דײַן טרער האָט שוין לאַנג אין די הערצער פֿון שניטער געברענט;
אַ טרער איז ניט מער ווי אַ טרער, נאָר אַ טרער איז דער גײַסט פֿון געוויטער,
ווי דער פֿונק איז דער גײַסט פֿונעם פֿלאַם, וואָס פֿאַרניכט און פֿאַרלענדט.

איך געדענק דײַן געוויין, מײַן צעלויכטענער טײַך מײַן געטרײַער,
דײַן טרער האָט דורך פֿלאַם און דורך נאַכט זיך דערקײַקלט צו מיר,
איך זע, ווי זי בליצט אינעם גלאָז פֿון אַ שויב פֿון אַ נײַער,
איך זע, ווי זי לויכט אינעם הויכן לאָמטער בײַ מײַן טיר...

איך זע, ווי זי פֿאַלט מיטן טוי אויף די וואָקסיקע סטויגן,
איך זע, ווי זי בליצט אינעם שפּיץ פֿון דער שטאָלענער שווערד,
איך זע, ווי זי בליצט אינעם זיגערס פֿאַרמאַטערטע אויגן,
וואָס ווייסן קיין רו ניט, ווי ס'ווייסט פֿון קיין רו ניט די ערד!..

# ע. הויכע שוועלנ

## דײַנ פארמילכאָמעדיקער שמייכל

אפ נאכטלעג צווישנ דעמבנ ריזנ
איג א סענטיאבער־טאָג א בלייכנ
האָט זיכ איג כאָלעמ מיר באוויזנ
דײַנ פארמילכאָמעדיקער שמייכל.
ער האָט א כוואליקער געבלאָנדזשעט
ארומ די קלוגע ליפּנ דײַנע,
אוג ס'האָט געשמעקט פוג אימ מיט בראָנזע
פוג יולי־טעג אפ דער אוקרײַנע...

אוג ס'האָט געשמעקט פוג אימ מיט פרישקײַט
פוג יענע יוליקע פארטאָגנ,
פוג יענער זויבערער צעמישטקײַט,
וואָס מירנ מער שוינ ניט פארמאָגנ...
דײַנ שמייכל האָט זיכ דורכגעריסנ
דורכ בליצנ פוג דײַנ בליק דעמ שטומענ
אוג האָט געגעבנ מיר צו וויסנ,
אז ס'איז די רײַפקײַט שוינ געקומענ...

עס איז די רײַפקײַט אָנגעקומענ
אוג האָט בא מיר דיכ צוגענומענ...

דײַנ מונטערקײַט איז ניט פארבליבנ
אפ גרויע שטיבנ פוג טראנשייענ,
דו האָסט מיר שיינע בריוו געשריבנ
אוג האָסט געשיקט זיי מיט די שנייענ...
כ'האָב מיטנ שניי די בריוו געשלונגענ.

געשריבענע מיט טריט געיאָגטע,
און ס'האָבן אין מײַן הארץ געזונגען
די ווערטער דײַנע ניט געזאָגטע.
ביסט מיר נאָך טײַערער געוואָרן,
ביסט מיר נאָך נעענטער געוואָרן,
ביסט מיר נאָך לײַבלעכער געוואָרן
אין די מילכאָמעדיקע יאָרן...

אין ווינט, אין שטורעמס און אין רעגן
אָפּ העכסטע בערג, אין ענגסטן היילכל
ס'האָט מיך באַגלייט אָפּ אַלע וועגן
דײַן פאַרמילכאָמעדיקער שמייכל...

ביסט אויסגעוועגן אַזויפיל לענדער,
אַזויפיל אומגליק בײַגעקומען,
דײַן פּאָנעם האָט זיך ניט געענדערט,
דו ביסט צו מיר אַזאַ געקומען,
ווי כ'האָב צו דעם וואָקזאַל באַגלייט דיך,
ס'האָט ניט געבאַלעוועט די פרייד דיך,
נאָר האָסט דײַן יונגקייט ניט פאַרלאָזן
אָפּ שיידוועגן פון יענע יאָרן...

ווי פריער בליצן דײַנע אויגן,
ווי פריער שפּילן דײַנע בליטן,
ווי דו וואָלסט אַלץ נאָך, אַלץ געריטן
אָפּ אויסגעטרוימטע רעגנבויגנס...

# שטערן

ווּ דו שטייסט און ווּ דו גייסט,
פֿאַלט אױף מיר דײַן שאָטן,
כ׳האָב מיט שטערן דיך, מײַן טרייסט,
לויטערע באַשאָטן...

היט די שטערן, וואָס דו האָסט,
זאָלסט זיי ניט פֿאַרלירן,
און דער זשאַווער און דער ראָסט
זאָל זיי ניט באַרירן.

שטערן לויטערער פֿון שניי
סאַמע אינדערוואַכן,
כ׳האָב אין אײַלעניש נאָך זיי
מײַנע פֿיס פֿאַרשטאַכן.

קומט די אומטיקע שעה,
כ׳נעם די שטערן ציילן,
אַלע שטערן זײַנען דאָ —
כ׳וועל די פֿיס פֿאַרהיילן...

אויגן דײַנע — בלימלעך־בלוי —
זוך איך אײַנעם קאָרן,
דײַנע שטערן אײַנעם טוי
האָסטו ניט פֿאַרלאָרן?

אויב דו וועסט פארלירנ זיי,
וועט מענ זיי ניט ברענגענ,
דעמלט וועט דײַנ שפּעטער ווי
אפ א שטערנ הענגענ.

היט די קלארקײט אומעטום,
אינ די טיפסטע ווינקלענ,
וועלנ שטערנ רונד־ארום
אינ דײַנ יוגנט פינקלענ!

# א שרעקלעכ וואָרט

דו האָסט געזאָגט א שרעקלעכ וואָרט,
אז איכ בינ אלט,
ווי האָסטו עס צוגעפּאַסט
מיט מײַנ געשטאַלט,
אונ אויב אפילע מײַנע האָר —
זײַ זײַנענ גרוי,
איז דאָס דער שניי פונ לעצטנ יאָר,
דאָס איז אזוי...
אונ אויב מײַנ גאַנג, מײַנ יונגער גאַנג,
איז עטוואָס שווער
אונ אויב מײַנ יינגלשדיק געזאַנג
איז שוינ ניט דער,
איז דאָס פונ צאָרעס, וואָס איכ האָב
די צײַט געהאַט,
זײ האָבנ מיר געמאַכט מײַנ קאָפּ
אי שווער אי מאַט.

ווי האָסטו זאָגנ גאָר געקענט
אזא מינ זאַכ,
צי איז די קראַפט אינ מײַנע הענט
געוואָרנ שוואַכ,
צי איז ניט שפּיזלדיק אונ ריינ
מײַנ יונגער בליק,
צי ציט מיכ עפּשער, איכ זאָל גײנ
שוינ אפּ צוריק?

דו האסט געזאָגט א שרעקלעך וואָרט,
איך ענטפער: ניין!
פונדעסטוועגן איך בעט דיך פאָרט,
דו זאָג אליין...

די יוגנט מעסט מען לויטן מוט,
וואָס וועקט און רופט,
די עלטער קאָן נאָר לויטן בלוט
זיין אויסגעפּרווט...

און אויב ס'וועט זיין, מיין ליבסטע, הער,
מיין בלוט שוין קאַלט,
און אויב אפילע... זאָג ניט מער,
אז איך בין אלט...

# פרעג, מײַנ לעבנ

ווילסט מיכ פרעגנ, פרעג, מײַנ לעבנ,
קענסט מיכ פאָלגנ אָדער ניט,
נאָר אַנ אייצע קאָנ איכ געבנ
ווי א גוט געניטער ייִד.

קאָנסט פאַר אַלעמענ מיכ פרעגנ,
קאָנסט מיכ פרעגנ שטילערהייט,
ביסט נאָכ יונג, אונ אַלע וועגנ
ליגנ איצט פאַר דיר צעשפּרייט...

יאָ, ס'צעלויפנ זיכ די אויגנ,
אָ, דער איניענ איז ניט גרינג:
איינער ציט זיכ ווי א בויגנ,
איינער קרויזט זיכ ווי א רינג...

אַלע וועגנ האָבנ טירנ,
אונ א קינד אַפילע ווייסט:
אויב דו ווילסט זיכ ניט פאַרלירנ,
מוזטו וויסנ ווו דו גייסט...

# דאָרשט

ווי נאָר אין אונטיקן אומעט
די זון באַהאַלט
איר לעצטן פונק,
די העלדזילעכ זייערע זיי צינען אוים
צו מיר,
די בלומען,
נאָך א טרונק...
דער דאָרשט — ער רייכערט זיך אין סאַמעט
פון דער רויז,
און ווי א שטויבעלע ער שפּרייט זיך אוים
אף יעדעם בלעטל פון לעווקוי,
וואָס לעכצט אַזוי
נאָך יענעם ביסל וואַסער,
וואָס ווערט דורך מיר געבראַכט
פאַרנאַכט
דעם דאָרשט צו לעשן פון די בלומען...

מיר דוכט, זיי קאָנען מיך,
מיין קאָל, מיין גרינגע האַנט, דעם שאָרך פון מיינע שיך,
און זיי דערפרייען זיך: ער איז געקומען!

# ווינטערדיק

דער שנײ האָט די שוועלנ באַווינטערט,
מײַנ טיר איז פונ זומער נאָכ אָפנ,
דער וואלד איז נאָכ אלצ א צעגרינטער.
האָסטו צו מײַנ טיר ניט געטראָפנ...

איכ קוק, ווי דער פראָסטיקער דרויסנ
פארפראָסטיקט, פארשנייט דיכ, פארווייט דיכ,
די צײַט האָט געענדערט דעמ אויסזענ
בא מיר און בא דיר... איכ פארשטײ דיכ...

כ'האָב קוימ דיכ דערקענט דורכ דער וויוגע,
דערהערט כ'האָב פונווײַטנ דײַנ קאָל נאָר,
דערשפּירט דײַנע אויגנ די קלוגע,
כאָטש האָסט זײ באהאלטנ אינ קאָלנער...

דו האָסט מיכ מיט גאָרניט באלײדיקט,
און איכ דיכ אווארע — כ'וויל גלייבנ,
אז אויב ס'איז מײַנ צימער איצט לײדיק,
איז שולדיק דער פראָסט אפ די שויבנ,

די ווינטנ, וואָס זוכנ און ברומענ,
דער וועג אינעם פראָסט א פארשפינטער.
אויב דו ביסט צו מיר ניט געקומענ,
מיסטאמע איז שולדיק דער ווינטער...

## צו א זינגערן

נו, זינג, נו, זינג היינט צוליב מיר
און שטיל מײַן דאָרשט מיט דײַנע לידער,
די ליד, וואָס לעבט נאָר אָפּ פּאַפּיר,
איז מיר א ביסעלע דערווידער.

אין מילדע פאַלדן פון דײַן קאָל
דערפיל איך אָפּט דעם רויש פון רעגן,
דעם צאַרטן נידער פון א טאָל,
די האַרבע הייך פון מײַנע וועגן...

ווען ס'טוט א ווינטעלע א בלאָז
אין לידער זאַפּטיקע אין דײַנע,
דערפיל איך: ס'אָטעמט אונדזער גראָז
אָפּ ליידע לאָנקעס פון אוקראַיִנע.

עס טרעפט: ס'וועט מיר אמאָל דײַן ליד,
ניט קוק אָפּ מיר מיט שטומע אויגן,
אפילו פידלען ווערן מיד,
און ס'גרויט אמאָל די זון אָפּ סטויגן...

# דײַנ זויבער הארצ

דײַנ זויבער הארצ איז מיר ווי שטענדיק ליב אונ טײַער,
אונ כ'האָב ווי שטענדיק ליב דײַנ ערלעכ־שטרענגנ גאנג,
די ניט געלאָשנקײַט פונ דײַנ ניט שרײַענדיקנ פײַער,
דײַנ אומבאהאָלפענעמ, דײַנ גוט געלײַטערטנ געזאנג...

דו ביסט נאָכ אַלצ די שויב, צו וועלכער מײַנע אויגנ
א היפּשע צײַט זײַנענ שוינ צוגעקלעפּט,
דורכ דיר זע איכ דעמ אופגערעגטנ רעגנבויגנ,
וואָס ווערט אינ ווירבלדיקנ פלי פונ צײַט ניט אויסגעוועפּט.

דורכ אַט דער שויב איכ זע די וועגנ אַלע,
אונ יעדעס קאָל זיכ וועבט אַרײַנ אינ אָטעמ פונ דײַנ קאָל,
אונ אַלע מאָל, ווענ כ'קומ צו דיר, ביסטו מײַנ קאַלע,
אונ ס'דוכט מיר, אז איכ זע דיכ איצט צומ ערשטנ מאָל...

דײַנ ערלעכ וואָרט איז מיר ווי שטענדיק ליב אונ נאָענט,
איכ וואָלט געוואָלט אָנ גראַמענ טרײַ זײַנ ווי א טויב.
נאָר ס'פעלט מיר אויס די טויבנ־שפּראַכ... ווענ ס'קומט דער אָוונט,
כ'ברומ ווי א לייב זײַנ לייביכע זײַנ לעבעדיקנ לויב.

אינ פאַלשער בליצעניש פונ אויגנ אונטער ברעמענ,
אינ פוסטער טיפעניש אונ גרילצנדיקער טראַסקערײַ
כ'האָב ליב דײַנ ערלעכ קאָל, דאָס שטילע, ווי דער עמעס,
וואָס וועט אפילע אַלטערהייט מיר קלינגענ נײַ...

# די בלאָנדע קעלט

די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר
האָט מיר אין דאָרשט מײַן קוואַל געלײַטערט,
זי האָט מיך קיינמאָל ניט דערוואַרעמט,
די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר...

ווען ס'פלעגט דער האַרבסט אַף צווײַגן שפּילן
מיט מעש פון בלעטערדיקן דאָר,
פלעג איך אין בלעטער־פאַל דערפילן
די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר...

אין פרילינגדיקן ווינט אין שטילן,
באַם קאַלטן זילבער פון קאַיאָר,
אין רײַפן ווײַץ אַף אָוונט־מילן —
די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר.

באַם אונטערגאַנג, ווען ס'האָט די זון מיר
געמישט מײַן „טונקל" און מײַן „קלאָר",
האָט מיך דערפרישט אין גלי פון זומער
די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר...

און אַלע מאָל, ווען כ'פלעג דערשפּירן,
אַז ס'ווערן שמעלער אַלע טירן,
אַז ס'גייט די צײַט און כ'מוז פאַרלירן
מײַן יוגנט — מײַן באַשערטע פּאָר,

איז ווייניק ווער ס'האָט זיך דערבאַרעמט
אַף מײַנע דורכזיכטיקע יאָר,
ס'האָט מיך אין ווינטער־טעג געוואַרעמט
די בלאָנדע קעלט פון דײַנע האָר!

# בײַ אַ פּאָרטרעט

איר קאָנט דאָס מיידל? איר געדענקט
די שטענדיק שפּילעוודיקע לעקלעך,
די שטענדיק שמייכלענדיקע בעקלעך
מיט זומער־שפּרענקעלעך באַשפּרענקט?..

געוויס האָט איר אַמאָל געהערט
דאָס עטוואָס הייזעריקע קעלכל,
וואָס וואָרטשעט ווי אַ לויטער קוועלכל,
ווען ס'פֿײַלט אַ וועג זיך דורך דער ערד...

איר, איר האָט זי גלײַך דערקענט?
זי איז גאָר עלטער ניט געוואָרן,
כאָטש ס'האָט איר יוגנט אָפּגעברענט
אין ווירבלדיקן פֿלאַם פֿון יאָרן!

און זעלטן ווען זי איז געגאַן,
זי איז איר לעבן דורכגעפֿלויגן,
און ניט די הויכקייט פֿון מאָנבלאַן
האָט זי געקישעפּט און געצויגן...

די הויכקייט פֿון דעם שענסטן דאָר
האָט זי פֿאַרשעפּט פֿון סאַמע וויגל,
זי איז באַגליקט מיט יונגע יאָר,
מיט לאַסט פֿון ערד און שטאַרקע פֿליגל!

## אונדזער ווינטער

האסט אמאל געזען, אז ווינטער
זאלן קוואלן יאגן?
האסט אמאל געזען אין ווינטער
מוזיקע פארטאגן?
האסט אמאל געזען, אז ווינטער
זאלן וואקסן בלומען?
האסט געזען, אינמיטן ווינטער
זאל דער פרילינג קומען?

יא, איך האב געזען, ווי ווינטער
האט א סאד צעבליט זיך,
כ'האב געזען, אינמיטן ווינטער
האט די זון צעגליט זיך.
יא, איך האב געזען, ווי ווינטער
בליען בלאנדע זאנגען,
כ'האב אליין געזען אין ווינטער
רויזן אף די שטאנגען...

האסט אמאל געהערט, אז ווינטער
זאלן וויכערס שווינגען?
האסט אמאל געזען אין ווינטער
עפל אף די צווייגן?
האסט אמאל געזען אין ווינטער
מאלינעס און פלוימען?
האסט אמאל געהערט אין ווינטער
דונערס אין די רוימען?
יא, איך האב געהערט, אז ווינטער
קאנען וויכערס ט א נ צ ן,

און איך האָב געזען אין ווינטער
עפּל... צוויי אינגאַנצן!
און איך האָב געקושט אין ווינטער
מאַלינעס — אַ צווילינג,
און באַגלייט האָט איבער מאָסקווע
מיך אַליין דער פרילינג!

און געטראָפן האָט עס ווינטער,
ניט קיין שנייען שיטן,
נאָר אַ שניי פון ווייסע טויבן
איבער אונדזער שליטן,
נאָר דער שליטן איז פאַרשוווּנדן
אין פאַרשנייטע באָרן,
און פון דעם סאָסנאָווע שליטן
איז אַ שיף געוואָרן...

און פון אַלע שמאָלע גאַסן
ווערט אַ יאַם אַ ברייטער,
איבער ווינטערדיקע כוואַליעס
אין דער צוקונפט גייט ער,
און מיר שווימען, און מיר שווימען
אויף דער שיף דער שיינער
אין אַ וועלט פון ווינטער־פרילינג,
וווּ געווען איז קיינער!

האָסט אַמאָל געזען, אַז ווינטער
זאָלן סעדער בליִען,
כאָ דיביימער אין די סעדער
זאָלן בלעטער גליִען?
איך — איך האָב אינמיטן ווינטער
מאַלינעס געזויגן
און געזען אין טיפן ווינטער
פרילינגדיקע אויגן...

## א צאָפּן בלימל

דײַן קאַרגע צאַרטקײט האָט מיך הײַנט דערפֿרײט,
נאָר כ׳בין פֿון דיר אַוועקגעלאָפֿן,
עס האָט דײַן שמייכל מיר געזאָגט: דאָס איז צעגייט,
נאָר ס׳האָט דײַן אָטעם מיר פֿאַרשמעקט מיט צאָפֿן.

אַפֿילו ווען ס׳צעגייט דאָס צאַפּנדיקע אײַז,
גייט סײַוויסײַ דער טײַך אַ קאַלטער צו די ברעגן,
און ווען העור זומער גיט אַף צאָפֿן זיך אַ ווײַז,
איז נאָר צוליב דעם בליופּענדיקן רעגן.

איך בין אַ מיזרעך־מענטש, וואָס האָט שוין לאַנג
זײַן מיזרעך־טוי אַף דאָרעם־שטויב פֿאַרביטן,
נאָר ס׳טוט מיר זייער, זייער, זייער באַנק,
וואָס ס׳הריזנעט ניט אין צאָפּן־שניי מײַן שליטן...

און וואָס אין שליטן זיצסטו ניט מיט מיר באַנאַנד,
פֿאַרדעקט די פֿיס מיט ווײַסן שעפּסן־פֿוטער,
און וואָס די שענסטע ווינטן פֿונעם קאַנט
באַשיטן ניט דײַן קרוין מיט פּערלמוטער,

און וואָס דער שליטן טראָגט זיך ניט געשווינד
און שנײַדט ניט דעם זאַווײַ מיט זײַנע ריפּן,
דער גאַנצער צאָפּן רוט זיך אַף אַצינד
אַף דײַנע כייגעוודיק פֿאַרשנירעוועטע ליפּן...

ס׳וואַקסט אויס פֿאַר מיר, ווי ס׳וואַקסט אינעם בוריאַן —
אַ ניט צעעפֿנט רויק צאָפּן־בלימל,
כ׳האָב זייער ליב די שטרענגקײט פֿון דײַן שפּאַן,
כ׳האָב ליב דײַן בענקשאַפֿט נאָך אַזאַ מין הימל,

וואָס ציט זיך ניט צו דר׳ערד, וואָס ציט די ערד צו זיך,
וואָס קאָן באַשענקען אונדז מיט ניט געצווימטער ריינקייט,
ב׳האָב ליב דײַן וואָרט, וואָס פליסט ניט אַזוי גיך,
וואָס האָט איין זיך די קישעפדיקע שטרענגקייט

פון דעם געבענטשטן טיפן צאַפנדיקן שניי,
דײַן טראָט, וואָס שפרינגט ניט פון שאַרמאַנקע צו שאַרמאַנקע,
דאָס אויג מײַנס טוט אַמאָל מיר ווי
פון דײַן פאַרקילטער בלענדנדיקער שלאַנקייט...

איך בין אַ מיזרעך־מענטש, מײַן צאָפן־קינד,
נאָר ס׳בענקט מײַן האַרץ נאָך יענע ווײַטע בריקן,
וואָס קאָנען פלוצעם געבן אַ פאַרבינד
צווײַ עקן וועלט און ביידע זיי באַגליקן...

# פאַרטאָג

אויב, מײַנ טײַערע, ס׳געפעלט דיר,
קומ מיט מיר, דער חרויסנ בלויט;
אופ די שליפעריקע פעלדער
וואַרט שוינ לייזער מיט זײַנ בויד.

כ׳האָב א ליבע זונ באַשטעלט דיר
אונ א הימל ווי בורשטינ,
די מעכײַעדיקע פעלדער
זײַנענ גרינער נאָכ פונ גרינ...

ס׳וועט א וויי טאָנ מיט דער פרישקײַט
פונעמ ווינט אינ קאָרנ־ברויט,
כ׳וועל א ריר טאָנ נאָר די ווישקעס,
אונ אוועק וועט אונדזער בויד...

איבער וויגנדיקע וועגנ,
איבער פלאַטערדיקנ טוי
דער פאַרשלאָפענער אנטקעגנ
וועט זיכ טראָגנ גלאַט אזוי...

פיר אונדז, לייזער באַלעגאָלע,
דורכ דער ברייטקײַט פונ דער ערד,
אלע סטעזושקעס אלע שמאָלע
זײַנענ איצט פאַר אונדז פאַרווערט!

## ליזע לאַכט

קאַווקאַזער וועגן,
ווער קאָן אײַך ניט?
דער זון אַנטקעגן
דער אַווגוסט ציט...

אַ פֿעלדז גייט אונטער,
אַ פֿעלדז דערוואַכט,
ס'איז זייער מונטער,
און ליזע לאַכט.

די שאָטן גייען,
דער אויטאָ יאָגט,
און ביימער שטייען
ווי אויסגעטאָקט...

דער יאַם — אָט איז ער,
ער ליגט פֿאַרטראַכט,
און יונג איז ליזע,
און ליזע לאַכט...

אַן אָפּגרונט האָט אונדז
געטאָן אַ בלענד,
אַן אָפּגרונט דראָט אונדז
מיט פֿײַכטע ווענט.

און מיר — מיר יאָגן,
דאָס אויג פֿאַרמאַכט,
די כוואַליעס קלאָגן,
און ליזע לאַכט.

די קיפּאריסנ
אינ כאקי־זײַד,
די קעפּ פּאריסנ,
מע שפּאנט אינ ווײַט.

מע שפּאנט אינ פּאָרנ
ווי אפּ א שלאכט,
ס׳איז גוט צו פּאָרנ,
ווענ ליזע לאכט!

א הייב, א קלעטער,
א בוים אינ מיט,
אָט טוענ בלעטער
פונ בוים א שיט...

א בארג, א רײַטער,
א גרינע נאכט,
מיר פּאָרנ ווײַטער,
אונ ליזע לאכט.

# מעגסט עס וויסן

כ'וועל זיך מער פאַר דיר ניט היטן,
אויב דו ווייסט ניט, מעגסטו וויסן,
כ'בין געבליבן אין דער מיטן
צווישן דיר און מיין געוויסן...

כ'האָב געהאַט אַן ערד אַ גאַנצע
איינגעהילט אין זיבער־שנייען,
ליגט זי ווי אַ גרויסער עפּל
אַ צעשניטענער אפצווייען...

אויף אַ האַלבער רוט דיין שיינקייט,
אויף דער צווייטער — מיין געוויסן,
און אינמיטן שווימט מיין ליבע,
אויב דו ווייסט ניט, מעגסטו וויסן,

כ'האָב געהאַט אַ זון אַ גאַנצע,
האָט צעשניטן זי דיין מילדקייט,
אויף אַ האַלבער גליט דיין אומשולד,
אויף דער צווייטער ברענט מיין ווילדקייט...

קאָן אַ האַלבע ערד דען לעבן?
קאָן אַ האַלבע זון דען שיינען?
נאָר דעם מענטשן איז געגעבן
מיטן טהאָם זיך אויסצוטיינען?

בלייב איך זיצן אומגעדולדיק,
און איך זאָג צו מיין געוויסן:
אויב אפילו איך בין שולדיק
און דו ווייסט ניט, מעגסט עס וויסן...

## פֿרישקײַט

כ'ווייס:
ניט אַלע שוועלן בין איך שוין אַריבער,
אין די אויגן מײַנע לעבט דער זעלבער פֿיבער,
און דער זעלבער נײַגיר און די זעלבע ווונטשן,
וואָס איך טראָג פֿון לאַנג שוין אונטער הויכער זון־שײַן...

און די זעלבע פֿרישקײַט ווינט אין מײַנע אויגן,
און דער זעלבער שמייכל האָט זיך אויסגעבויגן
לעם די ליפּן מײַנע.
ווו איך בין געלאָפֿן,
פֿלעגן וועגן ליגן קעגן הימלען אָפֿן.
אָפֿן הייסן דאָרעם,
אָפֿן קאַלטן צאַפֿן
האָב איך שטענדיק הערצער וואַרעמע געטראָפֿן...

איך האָב ליב, ווי שטענדיק, איבער ערדן שפּאַנען,
וועלדער, טאַנען, סאָסנעס, דעמבעס און קאַשטאַנען
טראָגן זיך אַנטקעגן,
בייגן זיך און בוקן,

און אַף יעדער וועלדל ווילט זיך מיר פֿאַרקוקן,
איבער אַלע גראָזן ווילט זיך ווידער קוליען,
צו דער זון זיך הייבן, צו דער ערד זיך טוליען,

טראָגן מיר אַנטקעגן טײַכן זייער אָטעם,
און אין אַלע טײַכן ווילט זיך מיר אַ באָד טאָן,
און מיט אַלע זייער וויל איך זייען זוימען,
כ'וויל מיט די פּילאָטן שווענקען זיך אין רוימען,
כ'וויל אַף ווײַטן צאַפֿן מיט די מענטשן פֿירן,

און אין אַלע פּאַרקן ווילט זיך מיר שפּאַצירן!
ס'איז מײַן היים דאָס לאַנד מיר, ס'איז מײַן לאַנד די היים מיר,
ווו איך זאָל ניט קומען, שטילן זיי דעם וויי מיר,
ווו איך זאָל ניט קומען, קום איך אין אַ היכל,
אויב מײַן ליבסטע כ'טרעף ניט, טרעף איך דאָרט איר שמייכל...

# כ'בינ א שיפל

כ'בינ א שיפל אינ א שטורעמ —
זאָלנ מיכ די כוואליעס טראָגנ,
נאָר אז כ'וועל צעבראָכנ ווערנ,
וואָס וועל איכ מײַנ ליבסטער זאָגנ?

— ביסט א שיפל, — וועט זי זאָגנ, —
האלט זיכ נע'ענטער בא די ברעגנ,
ס'ארא רועכ האָט געטראָגנ
אזא שטורעמ דיכ אנטקעגנ?

וועל איכ ענטפערנ, אז רוענ
זאָל דער גינגאָלד אפ די שטערנ,
כ'בינ א שיפל אינ א שטורעמ
אונ איכ וויל דעמ יאמ געהערנ.

# ז ײ ע ר  ג ו ט

(פאָלקס-מאָטיוו)

אפ די פעלדער רוישנ זאנגענ,
זייער גוט!
לויפנ מיידלעכ מיט געזאנגענ,
זייער גוט!

הייבט אָנ בײלקע זינגענ מונטער,
זייער גוט!
אונ די מיידלעכ כאפנ אונטער
זייער גוט!

דער אמור האָט זיכ צעגאָסנ,
זייער גוט!
שיקט איר בריוועלעכ דער כאָסנ
זייער גוט!

האָט ער בײלקענ אָנגעשריבנ
זייער גוט!
ווי מע האָט דעמ פײַנט געטריבנ
זייער גוט!

שיקט ער גרוסנ אלע, אלע
זייער גוט!
אונ דעמ ערשטנ גרוס דער קאלע
זייער גוט!

ס'לאָזט דער כאָסן זי צו הערן,
זייער גוט!
אז ער וועט שוין גיך זיך קערן,
זייער גוט!

אז די טאַכטער ווערן לויטער,
זייער גוט!
אז דער סוינע ליגט א טויטער —
זייער גוט!

ס'איז נאָך ביילקע גאָר א יונגע —
זייער גוט!
זי באַגעגנט אַלע צוגנ
זייער גוט!

און ס'איז ביילקע שטאַרק פאַרנומען.
זייער גוט!
ס'דאַרף דער כאָסן גיך שוין קומען.
זייער גוט!

ס'איז דער יונג א יונג מיט ביינער,
זייער גוט!
אזא כאָסן האָט ניט קיינער,
זייער גוט!

הייבט אָן ביילקע זינגען מונטער,
זייער גוט!
און די בירע העלפט איר אונטער,
זייער גוט!

## הויבע שוועלנ

כ'וועל ניט קומענ מער מיט טײַנעס,
אינ דײַנ צימער ניט ארײַנ מער,
בא די הויכע שוועלנ דײַנע
כ'וועל קיינ נאריש קינד ניט זײַנ מער...

זאָג מיר נאָר, וווּ ווײנט דײַנ מאמע,
די פארגעסענע, די אלטע,
זי איז אויכ ווי דו מיסטאמע
אזא צארטע, אזא קאלטע...

זאָג מיר נאָר, וווּ ווײנט דײַנ טאטע,
גיב א סימענ מיר, א צייכנ,
כ'זאָל דערקענענ גלײַכ זײַנ כאטע,
דײַנע קינדער־טריט דערגרייכנ,

זאָג מיר נאָר, מײַנ צאָפנ־בלימל,
כ'וועל קיינ פראגעס מער ניט שטעלנ,
בא דײַנ טאטנס דאָרפיש שטיבל
זײַנענ אויכעט הויכע שוועלנ?

וועל איכ זיי אריבערשפאנענ,
צי כ'וועל בלײַבנ שטיינ אינ דרויסנ,
מער וועל איכ דיכ גאָרניט פרעגנ,
מער בינ איכ אציינד ניט אויסנ...

# VI. מיר ווערן געניטער

## איך לערן זיך שטענדיק

איך לערן זיך שטענדיק...
אף יעטווידן שפאן
איז עפעס א נײַס פאר מײַן נײַגיר פאראן.
איך פיל מיט מײַן דאַרשטיק, מײַן אומרויִק הארץ,
אז אומעטום מישאַטעוועט, ווארט אומדערוואַרטס.
איך טאַפּ מיט די אויגן, איך שמעק מיט די הענט,
צי האָט ניט פארביי עפּעס נײַס דורכגעבלענדט...

איך לערן זיך שטענדיק,
אף יעטווידן ריר
דערקאָן איך די לערער, וואָס וואַרטן אף מיר:
דער בוים לערנט רוישן, און שווייגן — דער שטיין,
דאָס גראָז — זײַן מיט אַלע, דער באַרג — זײַן אַליין,
דער מענטש לערנט בויען — און ברעכן איך בויט,
ניט פאָלגן דעם אומגליק! דעם פאָלק זײַן פארטרויט.

איך לערן זיך שטענדיק,
ס'איז ניט אַזוי שלעכט.
מײַן הארץ זאָגט מיר אונטער שוין, ווער ס'איז גערעכט;
דער האַרבסט לערנט: בלי ניט, אומזיסט איז דײַן מי;
דער ווינטער זאָגט: גריב ניט, ס'איז גריבען נאָך פרי,
און קומט נאָך דער פרילינג, צעבלומט ער זיך: בלי!
און קומט נאָך דער זומער, צערוישט ער זיך: גלי!

איכ לערנ זיכ שטענדיק,
אפ יעטווידנ קער,
אונ כ'קוק זיכ ארומעט: ווער לערנט מיכ, ווער?
דאָס אײַזנ הייסט שווער זײַנ, אונ גרינג זײַנ — די שטרוי,
דער נעפּל — זײַנ טונקל, אונ קלאָר זײַנ — דער טוי,
זיכ הייבנ — דער טורעמ, זיכ בייגנ — דער פּלויט,
דאָס לעבנ הייסט רוישנ, זײַנ שטילער — דער טויט...

איכ לערנ זיכ שטענדיק,
באַטאָג אונ באַנאַכט,
אונ ווייס אזוי ווייניק, פאַר קיינעמ געדאַכט...

## דער דעמב אונטער מײַן פענצטער

ניין, ניין, איך בין אים ניט מעקאנע,
דעם דעמב, וואָס שטייט אין הויף בא מיר,
כ'נעם אופ מיט דאנקבארקײַט און שאנע
די שאָטנס זײַנע בא מײַן טיר...
און יעדער רויש און יעדער ריר
פון זײַנע קיניגלעכע צווײַגן
באגעגן איך מיט קינדער־פרייד...
זײַן מעכטיקײַט — זי מאכט מיך שטײַגן,
זײַן דעמבן־שפּראך, זײַן ריזן־ברייט —
זיי לערנען מיך, אז ס'איז פאראנען
אין דר'ערד א קראפט, וואָס שפּארט און גאָר!
נאָר ניין, איך בין אים ניט מעקאנע,
כאָטש ער וועט לעבן טויזנט יאָר
לעם דער בערעזע לעם דער שלאנקער,
וואָס לעבט אין אים מיט יעדן ריר
און וואקסט, ווי ער, אין הויף בא מיר,
און אירע שאָטנס, ווי פאראנקערט
אין זײַנע, ליגן בא מײַן טיר...

זיי שטייען ביידע שטארקע, גרויסע,
זיי קוקן אפ דער וועלט פארגאפט,
דער רעגן גיסט זיי אָן די קויסעס,
די זון צערודערט זייער קראפט...

בא זיי אויך בײַטן זיך די צײַטן,
ווי אַלץ דאָ טוט אפ דר'ערד זיך בײַטן.
אין הארבסט איז זייער דאַלעם גרויס,
דער הארבסט — ער טוט זיי ביידע אויס,

אונ בײדע בלײַבנ אָדעמ־נאַקעט,
אפּ זײ א רעגנדל מאַראַקעט,
דער װינטער טוט זײ אָנ אינ שנײ,
דער פֿרילינג קלײדט זײ אויס אינ צװיט,
זײ שטײענ נאָכאַמאָל צעבליט,
זײ זײַנענ אָבער צוגעשמידט,
װײַל נאָר דער ערד געהערנ זײ.

ס׳איז גוט צו זײַנ צונויפֿגעװאַקסנ,
נאָר ניט ארײַנגעװאַקסנ אינ דר׳ערד,

ער איז בא מיר אינ הויפֿ געװאַקסנ,
דעד דעמב, איכ האָב זײַנ רו געהערט,
עס האָט זײַנ לעבנ זיכ געצויגנ
פֿאַר מײַנע אויסגעפֿרוװטע אויגנ,
זײַנ קראַפֿט באַװוּנדער איכ ביז הײַנט,
נאָר ניט מעקאַנע כ׳בינ מײַנ פֿרײַנט,
נײנ, נײנ, איכ בינ אימ ניט מעקאַנע,
ער איז אינ הויפֿ דאָ אָפּגעשטאַנענ
לעמ דער בערעזע דרײַסיק יאָר,
אונ ערשט אצינד איז ער דערװאַקסנ
א גלעט טאָנ אירע שײנע האָר,
א גלעט טאָנ אירע גרינע אקסל
איז אימ ערשט איצט געװענ באַשערט...

ס׳איז גוט צו זײַנ צונויפֿגעװאַקסנ,
נאָר ניט ארײַנגעװאַקסנ אינ דר׳ערד...

# געזונט

איר ווייסט? עס קומט מיר צו געזונט,
ווען כ'זע: געזונט זײַנען די יאָרן,
געזונט איז דער געבענטשטער גרונט,
וואָס שענקט אונדז רויזן, לײַן און קאָרן,

געזונט און זאַפטיק איז דער וואַלד,
וואָס האָט אין האַרבסט זײַנעם פֿאַרגעסן;
און אויב אַ בלאַט פֿון צווײַגן פֿאַלט,
איז עס דערפֿאַר, וואָס ס'האָט דערעסן

דעם בלאַט אין דעם געבלעטער זײַן.
עס האָט זײַן נײַגיר אים געצויגן,
אַ שעפּ טאָן פֿון דער ווײַטער שײַן,
אַ קוק טאָן אַף אַ רעגנבויגן...

און ניט דערפֿאַר, וואָס ס'האָט דער האַרבסט
באַפֿוילן וועלקן אים און פֿליִען,
מיט אַ צעבראָכן האַרבסטיק האַרץ
פֿאַר די באַיאָרטע דעמבעס קניִען...

עס קומט מיר צו געזונט, ווען כ'שפּיר,
ווי ס'שטײַגן וואָרצלען אין די טיפֿן,
ווי הינטער יעדער נײַער טיר
די קינדער שפּילן זיך און שטיפֿן...

כ'האָב ליב, ווען ס'איז די זון געזונט.
און ניט מיט רויך פון האַרבסט פאַרבלאָזן,
ווען יעדער סטעזשקע איז באַזונט,
באַפלעקט מיט שטיפערישע האָזן,

וואָס קלעטערן פון ברעג צו ברעג,
וואָס פויזען איבער שטאָלצע צווייגן
און פאַלן שטילע אָפן וועג
מיט ריינעם גאָלד פון זייער שווייגן...

כ'האָב ליב דעם רעגן, ווען ער פלייצט,
און ניט זיין כליפען און זיין כליפען,
ווען ס'ווערט די ערד מיט ווייץ באַווייצט
און ווען דער הרויסן שמעקט מיט ליפעס...

עס קומט מיר צו געזונט. איר ווייסט?
ווען כ'זע, ווי מענטשן לאַכן, לאַכן —
דאָס איז בא מיר די גרעסטע טרייסט,
אָפ רויע, ניט פאַרבויטע שליאַכן...

און כ'זאָג: געזונט זאָל זיין דער שטיין,
וואָס לעבט אין אייביקייט פון מויער,
און ס'ווילט זיך אויסרופן: ווי שיין
דער שטערן שיינט אָפ ספּאַסקער טויער!

## מײַנע שכײנים

כ'האָב געוואָגלט אונ געוואנדערט
איבער וועגנ אָנ א שיר,
אפ א גלעזערנער ווערא‎נדע
זיצנ מײַנע פרײַנט מיט מיר...

פונ די אויגנ שמעקט מיט וועגנ,
שמעקט מיט ווײַטנ פונ די האָר.
כ'האָב צום לעצטנ זיי באגעגנט
אינעמ פערציק־איינטנ יאָר...

רוישנ ארומ אונדז אלייענ,
ס'וויינט דער יאמ לעמ אונדזער גאס,
אונ די אלטע שטראָמענ גייענ
בא די ברעגנ פונ קאווקאז.

ציענ רעגנס זיך פאוואָליע,
בא א גלעזל שווארצנ ביר,
זיצט א קאָוועל פונ פאָדאָליע
אונ א מאָסקווער קאָמאנדיר.

אינ דער לויטערקייט דער בלויער
מינענ שאָטנס זיך אפ ווענט,
א קאלינינדאָרפער פויער
אונ א כארקאָווער סטודענט,

אונ א שלאנקע פארטיזאנקע
פונעמ דאָרפ באָבראָווי־קוט.
שיפנ שטייענ אפ די אנקערס
בא די ברעגנ אונ מע רוט...

פונ די וואָלקנס ווייט מיט ווינטער,
אונ די רוימענ קוקנ פוסט,
זיצט א שוסטער א בארימטער
מיט אנ אָרדענ אפ דער ברוסט...

אלע זיבענ מיר געוואקסנ,
מיט די שטויבנ זיכ געקריגט.
פלעגנ סקריפענ אלטע אקסנ
אפ דער שטעטלדיקער בריק.

איצטער זיצנ מיר שוינ גרויסע,
ס'ליגט דער טישטעכ אפנ גראָז,
איצטער זיצנ מיר אינאיינעם
אונ מיר הייבנ אונדזער קאָס

פאר דער קינדהייט פאר דער ווייטער,
פארנ לויטערנ פארשטאנד,
פאר די פליִער, פאר די רייטער,
פארנ סטאלינישנ לאנד!

נו, כאווייריִמ, איז געטרונקענ
פאר דער צייט, וואָס גייט אונ גייט,
ניט פאר דער, וואָס איז פארזונקענ,
נאָר פאר דער, וואָס רופט זיכ פרייד!

לאכנ מיר, אונ כוואליעס לאכנ,
ס'גייענ יאָרנ ניט אומזיסט,
אונ אפ זיבע טויזנט שפראכנ
האָט דער יאָמ אונדז היימ באגריסט.

# שוואַלבן

ווען די שוואַלבן קומען, איז אַ סימען,
אַז דער פֿרילינג קומט אין אונדזער קאַנט,
שטראָמט אַ פֿרילינג־וואַרעמקײַט פֿון הימל,
און איך פֿיל זי, מײדל, אין דײַן האַנט...

שטערן ווערן לויטערער און בלויער,
שמעקט דער יאַם מיט פֿרישקײַט און מיט זאַלץ,
און דו גייסט אַרויס צום אַלטן טויער
מיט אַ זײַדן טיכל אויפֿן האַלדז.

לעצטע וואָלקנס שלעפֿן זיך ווי לעמער,
און ווען קומען וועט דער ערשטער בליץ,
וועל איך העלפֿן טראָגן דיר די עמער,
כ׳וועל באַגיסן אײַער סעדל דאָס צעבליטס.

שטראָמט אַ פֿרילינג־וואַרעם פֿונעם הימל,
און איך פֿיל זי, מײדל, אין דײַן האַנט,
ווען די שוואַלבן קומען, איז אַ סימען,
אַז דער פֿרילינג קומט אין אונדזער קאַנט!

לעצטע שפּורן ווינטער אויף די שליאַכן,
שוואַלבן מאַכן קרײַזן אויף מײַן דאַך.
איינע קאָן קיין פֿרילינג דאָך ניט מאַכן,
נאָר אַ סך... וואָס קאָנען ניט קיין סך?

# שטערן־פאל

דער יולי לויכט, דער יולי לאכט
אין ליכט, אין היץ.
די שטערן פאלן אין דער נאכט,
ווי רייפן־בליצן.

א פלי. א בייג. די הייך א צינד.
א פאל. אנטרינען.
די שטערן קויקלען זיך געשווינד,
די סעדער גרינען.

די הימלען ווערן בלוי און יונג —
ס'איז אלץ צו גוטן.
די שטערן ווארפן זיך אין שוווּנג
אָן פאראשוטן.

א פאל. א בליץ. א שניט די ווײַט
און ווידער טונקל.
ס'איז אויסגענייט דער הימל־זײַד
מיט שטערן־פונקען.

א דונער קויקלט אין די בערג
די פוסטע פעסער,
די שטערן פליִען אף דער ערד,
אף דר'ערד איז בעסער!

# ביסט שוינ גרוי

זע נאָר, בענטשיק, ביסט שוינ גרוי,
כ'האָב דאָך ערשט געזענ דיך לויפנ
איבער שטעטלדיקע הויפנ...
יאָרנ פליענ, אָט אזוי,
בענטשיק־בענטשיק, ביסט שוינ גרוי...

כ'האָב דאָך אָקאָרשט דיך באמערקט
לאָזנ ראציעס, קײַקלענ רייפנ,
טראָגנ זיך איבער די מערק,
שווארצע קרויזנ אפ די שלייפנ,
אפ די ליפנ יונגער טוי,
זע נאָר, בענטשיק, ביסט שוינ גרוי...

כ'האָב דאָך אָקאָרשט דיך געטראָפנ
קריכנ אפ אנ עפלבוימ,
ווי די צײַט איז דורכגעלאָפנ,
עפל פאלנ פונעמ רוימ,
נית קיינ עפל — שטיקער פײַער
פאלנ, פאלנ אָנ א ברעג —
אפ דעמ גוטנ, אפ דעמ פרײַענ,
אפ דעמ זיגנדיקנ וועג...

דארפסט פונ מיר ניט אויסבאהאלטנ
אָט די גרויקײַט פונ די האָר,
כ'האָב געזענ אינ פעלד אינ קאלטנ
דיך אינמיטנ פונ מײַנ דאָר...

בּענטשיק, בענטשיק! כ׳וועל ניט פרעגן,
וואָס האָט דײַנע האָר פאַרגרויט —
צי דער רעגן אַף די וועגן
צי אַף וועג און שטעג דער טויט?

צי דער שניי, וואָס איז געפאַלן
אַף די זעלנער נאָך דער שלאַכט,
צי די גרויע נאַסע שפּאַלן,
אײַנגעזונקענע אין נאַכט.

יאָרן פליִען, אָט אַזוי,
בענטשיק-בענטשיק, ביסט שוין גרוי?

## ס'קאָסט מיכ טײַער

ניינ, דו האָסט מיכ ניט פארשטאַנענ,
האָסט דאָס וויכטיקסטע פאַרווישט,
מײַנע ווערטער־קאַראַוואַנענ
האָבנ פאָשעט דיכ צעמישט...

ניינ, דו האָסט מיכ ניט באַנומענ,
צי דו האָסט מיכ שלעכט געלייענט,
ס'איז צו דיר ניט אָנגעקומענ,
ניט אַזוי האָב איכ געמיינט!

עפּעס דאכט זיכ דיר אוואדע,
לידער וועגט מענ אפנ פּוד,
כ'בינ זיכ מוידע־אומיסוואדע,
אז עס קומט מיר אָנ מיט בלוט...

אָ, מײַנ ברודער! ס'קאָסט מיכ טײַער,
וויפל ס'קאָסט מיכ — האָט די ווערט.
זײַנ פאַרשטענדלעכ ווי דאָס פײַער,
רײַנ, אומענדלעכ ווי די ערד!

# א טאָג

אָ, ניין! דער טאָג איז נים פארגאנגען,
דאָס האָט זיך בלויז דיר אויסגעדאכט,
ס'האָט עפּשער אים א שטויב פארהאנגען,
ווער האָט געזאָגט, אז ס'איז שוין נאכט?

איך פיל זיינ שיין אין מיינע אויגן,
איך פיל זיין לויטערקייט אין זיך,
די זונען־פּלעקן — מידע פויגלען —
צעפּליען זיך נים אזוי גיך...

דער בלויער אָטעם פון די ווייטן
פּילט אָן די לונגען פון מיין זיין,
איך טרינק זיין אומרו דעם באנייטן
ווי גוטן, אלטן, רויטן ווין...

אָ ניין! דער טאָג איז נים פארגאנגען.
איך ווייס: פארשווינדן קאָן ער נים,
ער לעבט אין טיפעניש פון קלאנגען,
ער לעבט אפ בארג פון אונדזער ליד.

און אויב איך הימל פינקלען פערל —
דאָס זיינען שטיקלעך פונעם טאָג,
און אויב עס וויגן זיך די שטערן,
איז דאָס מיין מאזל אפ דער וואָג...

# דער טוי פון טויט

עס לעבט די צײַט אין יעדער פאלד
פון מײַנע פלייסנדיקע יאָרן,
ווי ס'לעבט דער פיש אין וואסער קלאָרן,
ווי ס'לעבט דער פויגל אינעם וואלד.

דער קאלטער טוי פון ווײַטן טויט
האָט ניט קיין צוטריט צו מײַן טויער,
און צו זײַן גאנג איז טויב מײַן אויער,
און פון זײַן פראָסט איז ווײַט מײַן הויט...

כ'האָב ליב די צײַט אין שטאָט, אין סטעפּ,
כ'האָב ליב איר דרעמל און איר וואָגל,
כ'האָב ליב איר רעגן און איר האָגל,
כאָטש ס'טוט מיר ווי פון זײַנע קלעפּ.

און ביז צו ווייטעק מיר געפעלט
איר בלענדנדיקער רעגנבויגן,
כאָטש ער פארבלענדט מיר אָפט די אויגן,
נאָר אָן אים — פינצטער איז מײַן וועלט...

ווען ס'לעבט די צײַט אין יעדער פאלד,
ווי קאָן איך זאָגן: כ'האָב פארלאָרן
אין מײַנע פלייסנדיקע יאָרן,
ווי קאָן איך זאָגן, איך בין אלט?

# אַ שטורעם

יאָ, יאָ, ס׳וועט זײַן, ס׳וועט זײַן אַ שטורעם,
די ווינטן לעשן שוין די שײַן,
און ביימער הוידען זיך — שיכּורים,
וואָס ווייסן ניט וווּ אויס, וווּ אײַן...

אַ שטויב גייט אויף, און פֿאַלט, און ציטערט,
אָט איז ער גרויס, אָט איז ער אויס,
עס שמעקט דער דרויסן מיט געוויטער,
ער רײַסט זיך פֿון זײַן הויט אַרויס.

און רײַסט פֿון דר׳ערד די שלאַנקע שטאַמען,
און שרײַט, און בושעוועט, און לאַכט,
און טרײַבט די שיפֿן אויס די יאַמען,
און ס׳ווערן וועלדער שוואַרץ ווי נאַכט...

דערווײַל איז טאָג, ניטאָ קיין שטערן,
פֿון הימלען טריפֿט אַ מוטנע שײַן.
און ביימער הוידען זיך און הערן,
ווי ס׳רוישט אין זיי דער גרינער ווײַן...

## זאָגסט מיר...

זאָגסט מיר, איך בין די פּרינצעסין
פון די קרומע געסלעך,
נאָר דו קאָנסט מיך לײַכט פאַרגעסן, —
דאָס איז פּשוט העסלעך.
נאָר אַזאַ מין ליבע ליב איך,
וואָס איז אומפאַרגעסלעך.

נאָר אַזאַ מין פרײַנטשאַפט לויב איך,
וואָס מײַן האַרץ באַרעכטיקט,
איך אַזאַ מין פרײַנטשאַפט גלייב איך,
וואָס איז ריין און מעכטיק.
איך מײַן האַרץ האָט פאַלשע פרײַנטשאַפט
קיינמאָל ניט גענעכטיקט.

זאָגסט מיר, ס'איז ניטאָ קיין פרײַנטשאַפט,
וואָס מע קאָן ניט שטערן,
זאָגסט מיר, ס'איז ניטאָ קיין פרײַנטשאַפט,
וואָס איז ריין פון טרערן.
זע איך, אַז די וואָרע פרײַנטשאַפט
זאָל געבוירן ווערן...

זאָגסט מיר, ס'איז ניטאָ קיין ליבע,
וואָס איז אומפאַרגעסלעך,
זע איך, זי זאָל גיכער קומען
איבער גאַס און געסלעך.
קאַרגע ליבע, בידנע פרײַנטשאַפט
דאָס איז פּשוט העסלעך...

## צו ב. פּאַסטערנאַקנ

דער בויער האַלט דעמ האַמער,
דער שנײַדער האַלט די שער,
אונ דו — דו האַלטסט אַ בלײַער
אונ זאָגסט, אַז ס'איז דיר שווער.

דער אָדלער טראָגט די קינדער,
די מורעשקע — אַ שטרוי,
ס'איז זייער שווער, נאָר זעסט דאָכ:
זיי זיפצנ ניט אַזוי...

ס'איז שיינ, ווענ ס'קאַפּעט זילבער
פונ שטערנ אינ דער נאַכט,
דו שטייסט דערבײַ אונ כאָלעמסט,
געפעלט עס דיר — אַ פּראַכט!

דו זעסט, ווי וואָלקנס וועלקנ,
ווי רעגנס פאַלנ מיד,
דו שטייסט דערבײַ אונ כאָלעמסט
אונ שאַפסט פונ דעמ אַ ליד.

דו שרײַבסט אונ קרעכצסט: ס'איז שרעקלעכ,
דו קרעכצסט אונ שרײַבסט אַפסנײַ,
דו האַלטסט אינ האַנט אַ בלײַער,
אונ ס'דוכט זיכ דיר, ס'איז בלײַ...

פאַראַנ אַזוינע דיכטער,
איכ ווייס אונ מע דערציילט,
באַ זיי איז זייער בלײַער
פונ בלײַ ניט אָפּגעטיילט...

און דו? דו זיצסט אין צימער
און זעסט די גאנצע וועלט.
דו זעסט ניט, ווי דיין טיר איז
מיט שוועלן אפגעשוועלט,

דו צאפסט דאס גרויסע לעבן
דורך שויבן טראפנוויין,
ווערט טראפנוויין צערונען
דיין ליד און קאלט ווי אייז...

באם העקער קרעכצן ביימער,
בא גיסער זינגט דער שטאל,
בא דיר קרעכצט שטארק דער בליי־ער,
און דו באזינגסט דיין אל...

פאר גליק מע דארף זיך שלאגן
מיט יעדער מין געווער,
דו האלטסט אין האנט א בליי־ער
און זאגסטו, אז ס'איז דיר שווער...

# לידער פונ א פאָעט א זאַקנ

I

איכ הער, מע זאָגט, מײַנ ליד איז מיד:
זי וואַקלט זיכ, זי פאַלט שוינ.
איכ הער שוינ רײדנ, אַז מײַנ ליד
איז גרוי שוינ און איז אַלט שוינ...

זי גײט אַפ קוליעס, זאָגט מענ מיר,
זי גײט שוינ ניט, זי שלעפט זיכ,
זי האָט פאַרלאָרנ איר קאָליר,
מײַנ ליד האָט אויסגעוועפט זיכ...

מע זאָגט: עס טויג שוינ נישט מײַנ גראַם,
די שורע — זי צעשיט זיכ,
נאָר כ'האָב דעם וועג צום אַלטנ יאַם
געפינענ נאָכ באַמיט זיכ...

ניט ווײַט דער יאַם איז פונ מײַנ וועג
און קינדער־שיפלעכ שטיפנ
אַפ זײַנע כוואַליעס. כ'שטיי און פרעג:
וווּ זײַנענ מײַנע שיפנ?

און ס'קומענ גרויסע שיפנ אָנ,
און איכ דערקענ זיי ווידער,
און איכ דערזע אַפ זייער פאָנ
די ליד פונ מײַנע לידער...

2

און עפשער איז שוין טאקע צייט,
איך זאָל אוועקלייגן די פּען;
און וואָס געוועזן — זאָל זיין געוועזן!
ס'איז עפשער צייט שוין, גוטע לייט?

און וואָס פאראן, איז נאָך פאראן,
און וואָס פארגאַן, איז שוין פארגאַן!
איז עפשער טאקע שוין די צייט,
דאָס לעצטע ביסל בלויע טינט
אוועקשענקען דעם שאָכנס קינד,
ער זאָל ניט שרייבן מער מיט קרייד...

כ'בין אויך געווען אַמאָל אַ קינד,
די צייט איז דורך אזוי געשווינד,
איך זיץ און פּאָר איצט אַף אַ באַנק,
און ס'טוט מיר זייער, זייער באַנק,
ווען איבערן הארבסטיק געלן רוים
עס פליען בלעטער פון אַ בוים...

און גייענדיק, באַגעגן איך
אַ יאַטל אין צוויי גרויסע שיך,
און איך דערפריי זיך ווידער:
איך האָב דערקאָנט מיין לויף, מיין שטים,
און אַף די ליפּן פלאַמט באַ אים
די ליד פון מיינע לידער...

3

איך גרייט זיך אין אַ וויַיטן וועג,
אַ זייער, זייער וויַיטן,
וווּ ס'קויקלען זיך די לעצטע טעג
אין אָפּגרונט פון די צייטן...

איך האָב קיין גרויסן ניט פון דאָרט,
צי כ'וועל דאָרט קענען שרייבן,

נאָר מיר איז גוט, וואָס ס'וועט מײַן וואָרט
אפּ אָט דער ערד פֿאַרבלײַבן!

ס'האָט עמעצער אַמאָל געזאָגט —
אַ לעצ צי אַ פּראָפֿעסאָר,
אַז דאָרט האָט קיינמאָל ניט געטאָגט,
און דאָרטן שלאָפֿט זיך בעסער...

ס'איז נאָר אַן אויסגעטראַכטע זאַך,
אַן אַרבעט: ליגן און שימל,
ס'איז שלעכט, ווען ס'ווערט די ערד אַ דאַך
און עס פֿאַרשווינדט דער הימל...

כ'וועל מער ניט זען די זון, דעם צווײַט,
און כ'וועל שוין מער ניט שרײַבן,
נאָר מיר איז גוט: עס וועט מײַן ליד
אפּ אָט דער ערד פֿאַרבלײַבן...

זי וועט ניט בײַטן איר קאָליר,
אין פֿרײדן און אין ווייען.
די פֿײַנט, וואָס זײַנען קעגן מיר,
זיי מעגן זיך ניט פֿרייען!

ווו נאָר זיי וועלן ערגעץ־ווו
אַ טירל טאָן אין עפֿן,
וועט דאַן מײַן ליד, וואָס ווייסט קיין רו,
זיי ווי אַ דונער טרעפֿן!

און אינעם ווילדן דונער־קנאַל
וועט מען דערהערן ווידער
מײַן סינע צו די מענטשנפֿײַנט,
די ליד פֿון מײַנע לידער...

**4**

איך בין אַ שטיקל הומאָריסט
געוועזן אַמאָל, דערציילט מען,
איך ווייס, אַז מיט אַ פֿריילעך וואָרט
די מאָרעשכווירע היילט מען...

נאָר איצטער בין איך ניט געניינט
זיך באַסמענען, זײַט מוחל,
עס וועט שוין גיך פון מיר אַוועק
צום הימל בלויז אַ רויכל,

און ס'אַרט מיך גאָרניט, אומפּרײַנט, הערט:
אין אַלע מײַנע ציקלען
פאַרוויקלען קענט איר, וואָס איר ווילט,
כוץ פאַלשע ליוב־אַרטיקלען!..

איך בין דאָך מער ניט ווי אַ מענטש,
איך הייב זיך, און איך נידער,
נאָר כ'האָב אַ פאַנצער, זײַט געהיט:
די ליד פון מײַנע לידער...

# גליק

איינער זאָגט, אז גליק איז גאָרניט,
און דער צווייטער, אז ס'איז אַלץ.
זאָגט דער דריטער: גליק איז ליבע,
און דער פערטער — ברויט מיט זאַלץ...

זאָגט די נאַכט, אז גליק איז כוישעף,
זאָגט די זון: אַז גליק איז שײַן.
איינער זוכט דאָס גליק אין פרײַנטשאַפט,
און אַ צווייטער זוכט אין ווײַן.

זוכט דער בוים זײַן גליק אין רוימען,
און אין שטילער נעסט — די טויב,
און אַ שוואָם געפינט אין רעגן,
וואָס אַ מורעשקע — אין שטויב...

וואָס דער שפּין געפינט אין שפּינוועבס,
זוכט די בין אין בלומען אויס,
איינער זוכט זײַן גליק אין דערנער,
און אַ צווייטער — אין אַ רויז...

זעט דער כאָכעם גליק אין כאָכמע,
און אין נאַרישקײַט — דער נאַר.
ס'זוכט דער פּאַכדן אַפּן בוידעם,
און דער העלד אין דער געפאַר...

און דער אווטאָר פון די שורעס,
זײַענדיק אַ פּראָסטער ייִד,
זוכט דאָס גליק אַפּ גינען־וועגן
און בעסויכאָם אין דער ליד...

# מיר ווערנ געניטער

קומט אָנ יעדער טאָג מיט א גרוס מיט א גרויסנ,
ווער ווייסט בא זײַנ אָנקומ, וואָס איז ער דאָ אויסנ.
דער בוימ ווערט נאָכ העכער, דאָס פעלד ווערט צעבליטער,
מיר ווערנ געניטער!

קומט אָנ יעדער טאָג מיט א קלאַנג אונ א בסורע,
אונ אַלע דערפילנ זײַנ מאַכט אונ זײַנ גוורע:
די זונ באַמ פאַרגאַנג ווערט נאָכ הייסער, צעגליטער,
מיר ווערנ געניטער!

אונ דאָס, וואָס איז נעכטנ געלעגנ פאַרמויערט,
צעשפּילט זיכ אינ אויג אונ צערוישט זיכ אינ אויער,
מיר היטנ די כאָכמע ווי עמעסע היטער,
מיר ווערנ געניטער!

אונ דאָס, וואָס איז נעכטנ אנטבלויזט שוינ געלעגנ,
איז הײַנט נאָכ אנטבלויזטער אַפּ אונדזערע וועגנ,
מיר ווייסנ דעמ טאַמ שוינ פונ רו אונ געוויטער,
מיר ווערנ געניטער!

# VII. א וועלט מיט וועלטעלעך

## רעב וואָלף און רעב שעפּסל

מעשׂאָלים־שרײַבער שרײַבן וועגן בהמות.
די סאָנים מײַנע וועלן זאָגן אַפּ געוויס,
אַז איציק פֿעפֿער קומט ניט מיט קיין נײַעס, —
זיי וועלן טאָן דערביַ מײַן אָרעם לײַב א ביס
און אין די הינטערגעסלעך זיך צערוישן.
נאָר כ'בעט אַנטשולדיקונג, כ'וועל מוזן זיי אַנטוישן...

רעב וואָלף איז ניט קיין וואָלף, און שעפּסל — ניט קיין שאָף.
דאָס זײַנען שטעטלדיקע ייִדן,
א סוחר איז געווען רעב וואָלף, געהאַנדלט אַפּ יאַרידן,
און רויב און בלאָף
געוועלטיקט האָבן אין די מײַסים זײַנע,
און שעפּסל האָט בא אים געדינט,
זײַן ברויט פֿאַרדינט מיט פֿעדער און טינט,
געלעבט האָט ער אוודאי ניט אין טײַנע,
נאָר פֿאַרגעניגן פֿלעגט ער האָבן זייער פֿיל
פֿון פֿירן מיט דער פֿעדער איבער די בויגנס
(ער האָט פֿאַרגאָסע פֿינדערפֿון געצויגן),
און אין דער שטיל
האָט ער פֿאַרפֿאַסט מעשׂאָלים...

מײַן פֿרײַנט דער דיכטער האַלקין האָט געזאָגט:
ס'איז שווער צו דיכטעווען מעשׂאָלים
און לעבן מיט דער וועלט בעשאָלעם.
נאָר שעפּסלען האָט עס וויי־ניק־וואָס געפּלאָגט.
ער האָט פֿאַרשטאַנען דאָך, אַז שאָלעם איז באַלעם,
און פֿלעגט מעשׂאָלים טאָקן טאָג און נאַכט.

רעב וואָלפ האָט זיכ פארטראכט
אונ אגמאס־נעפעש פלעגט ער האָבנ זייער גרויסנ,
ווײַל ער האָט קיינמאָל ניט געוווסט, וואָס דער פּאָעט איז אויסנ...

געבראכט
האָט ער לעמאָשל
אימ א מאָשל
מיט א בער,
וואָס האָט געטאנצט אפ די יארידנ.
— מיינסט ניט דעמ בער! — האָט אומצופרידנ
רעב וואָלפ צעשריענ זיכ, — כ'פארווער דיר שרײַבנ מער!
דו האָסט באליידיקט מיכ פּערזענלעכ!
— וואָס רעדט איר, טײַערער, איר זענט דאָכ אפ קיינ בער
ניט ענלעכ,—

האָט זיכ געבעטנ דער פּאָעט,
נאָר ס'איז געווענ שוינ שפּעט
אונ ניט די צײַט אפ קאָנענ מיט א באלעבאָס קאטאָוועס טרײַבנ..

רעב שעפּסל האָט געמוזט א צווייטנ מאָשל שרײַבנ,
דאָס מאָל האָט ער א טיגער אויסגעמאָלט,
דער טיגער האָט א פּיקסל אײַנשלינגענ געוואָלט,
נאָר כ'האָט דאָס פּיקסל פונעמ טויט זיכ אויסגעדרייט...

— נישקאָשע! מע פארשטייט —
האָט בייז דער וואָלפ געכמורעט זײַנע ברעמענ...
— רעב וואָלפ, איכ מיינ דעמ אײַנ?
דער טיגער איז אנ אָרעמאנ, אונ איר זײַט רײַכ!
— מיר וועלנ זעענ!
האָט רעב וואָלפ געטאָנ א טראכקע מיט דער טיר.

אינ דריטנ מאָשל האָט זיכ שוינ צעלייגט א דאָוואָר־אכער,
ס'איז קלאָר, אז נאכהער
האָט זיכ רעב שעפּסל מיט זײַנ באלעבאָס צעשיידט,
נאָר די מעשאָלימ האָבנ זיכ אינ פאָלק פארשפּרייט,
אונ ווער ס'האָט נאָכדעמ נאָר געזענ רעב שעפּסלס שעפּ,
האָט שטילערהייט געלאכט: גיי, טרעפ,
וועמענ דער דיכטער האָט געהאט אינ זינענ...

און כאָטש דאָס ביכל בײַ רעב וואָלף פלעגט וואקסן פון באגינען
צו באגינען
און שעפסל האָט א הונגעריקער אפ דער וועלט געקוקט,
האָט מען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע שוין א פאל
געקאָנט געפינען,
ווען ס'האָט די שעפס דעם וואָלף פארצוקט...

# צוויי טײַכלעכ

ניט ווײַט פונ בלויענ יאמ
צי סטאמ
אפ פלייענע ברייטע
געלעבט האָבנ צוויי וואסערנ, צעשיידטע
מיט א דינעמ פאסיק ערד,
נאָר ביידנ גלײַכ איז זיי געווענ באשערט
ארויסקוקנ צומ הימל אפנ רעגנ,
אמאָל פלעגט בלויז א דורכגייער פונ ווײַטע וועגנ
מיט דאָרשט אינ בליקנ
זיכ אָנבייגנ, דאָס הארצ דערקוויקנ,
א ווילדע ציג פלעגט קומענ נאָכ א טרונק.
דאָס שטילע וואסערל פלעגט טאָנ א קלונג,
אונ ווידער שא, אונ ווידער שטיל...

אזוי זײַנענ די טעג געגאנגענ אָנ א ציל,
ביז איינמאָל האָט א טײַכל זיכ פונ אָרט א הייב געגעבנ
אונ זיכ געלאָזט אינ וועג
אינ אנדער ברעג
געפינענ אינעמ לעבנ...

געלאָזט האָט זיכ עס צו דעמ גרויסנ יאמ דעמ בלויענ,
„וווּהינ? מעגסט מיר דעמ סאָד פארטרויענ!.. —
האָט מיט פארדאכט
א זאָג געטאָנ דאָס צווייטע... —
ס'זײַנענ ענג דיר אָט די ראכוויעסנ די ברייטע?" —
אונ האָט זיכ כוואליענדיק צעלאכט.

באָר יענצ האָט שוינ באשטימט: געגנוג געלעגנ —
עס קישעפנ פונוויַיטנ נײַע ברעגנ.

און ס'איז געגאן.
עס האָט געוווּסט: אַבי געדולד איז נאָר פאראַן
און קלאָרער סייכל,
איז מעגלעך אַלץ דערגרייכן!

דורך בערגלעך און דורך גערטענער האָט עס געשלעפּט זיך,
עס האָט אַ לאַנגער שנור געוועבט זיך
צום ווײַטן ברעג...
געקליבן האָט עס וואַסערלעך אין וועג
(פון טראָפּנס ווערט געבוירן אַ פאַרמעגן!).

געקומען צו דעם יאַם דעם בלויען און געווען אַ שיינער גאַסט!
און יעצט, דאָס טײַכעלע, וואָס האָט פון דעם געשפּאַסט
און האָט געוואָלט אַליין
אין זײַן פאַרגליווערטקײַט פאַרבלײַבן שטיין,
זיך אָפּלעבן די יאָרן,
ניט ווייסנדיק פון רעגנבויגנדיקע שטראָמען,
איז שוין פון לאַנג אַ טריקעניש געוואָרן,
זײַן נאָמען
שוין לאַנג מיט הרודעס טרוקענע פאַרמעקט,
מיט בודיקעס און קראָפּעווע באַדעקט...

דער מאָשל איז ניט סטאַם,
און אפן נימשל דאַרף מען שוין ניט פרעגן:
ס'איז בעסער זײַן אַ כוואַליע אינעם יאַם,
ווי זײַן אַן איינזאַם טײַכל אפּ די וועגן.

# קלײנע מענטשעלעכ

ערגעצ אינ א קיכ,
אינ שכײנעס מיט געפעס, מיט אַלטע שיכ,
מיט לאָקשנברעטלעכ, לאָפּעטעס, טאַפּטשאַנעס,
איז געשטאַנענ
א געלער שטעקנ פונ געװײנלעכנ האָלצ.
נאָר שטאָלצ
האָט ער געקוקט אױף זײַנע שכײנים,
געגרױסט זיכ מיט זײַנ אָפּשטאַמ מיט זײַנ שײנעמ,
דאָס האָלצ דאָס נישטיקע, װאָס אַרומ אימ, געשאָלטנ
אונ דערקלערט
װעגנ זײַנ ײכעס אונ זײַנ װערט:
„זײַנ זײדע האָט דעמ יאַמ געשפּאָלטנ,
זײַנ זײדע האָט א האַק געטאָנ דעמ שטײנ,
אונ ס'האָט פונ שטײנ א װאַסער באַלד גענומענ גײנ,
אינ מידבער זאַמדיקער דעמ דאָרשט געלאָשנ,
א דענעשקע, א גראָשנ
זײ האָבנ קעגנ אימ די װערט,
די שענסטע בענק אונ טישנ אױף דער ערד!
א קלײניקײַט — א שטעקנ,
צומ אַלעמ ערשטנ — װער האָט נאָכ צװײ עקנ?
אונ װיפל כאַכמע טוט אינ אָט דעמ שפּיצל שטעקנ!
אונ װיפל פלעגט ער שרעקנ
בײזע הינט!“

געשװינד
האָט ער, ידער שטאָק, געטאָנ א שפּרונג פונ װינקל,
א שפּרונג, א קלאַפּ,
די טעלערלעכ א טאַפּ,

פונ טיש אראפ
(דער שטעקנ איז געוועג א שטעקנ מיט א קאפ!)
עס גיבנ מאקרעטעס א טרישטש, א פינקל
גיבנ גלעזער אונ א פלאצ,
אונ דא האט ער גענומען א טשמעל די קאצ.
אט פאלנ שוינ צעקנאקטע טעפ,
די טעלער שפאלטנ זיכ אפ שטיקער,
די גאנצע קיכ דערפילט דעם שטעקנס קלעפ,
אונ פונ זיינ יערושעדיקער גרויסקייט שיקער,
האט ער באמערקט דאס פייער איבעמ אויוונ,
אונ האט זיינ מאכט באטראכט אפ גאר אנ אנדער אויפנ,
דער זיג איבער די טעלער אונ די טעפ
האט אימ דעמ קאפ פארדרייט,
ער האט דערפילט די מאכט פונ זיינע קלעפ
אונ האט דערזעג: עס גייט!
ווינבאלד ער קאנ פונ קיילימ מאכנ שערבלעכ,
פארוואס זאל ער ניט אויסלעשנ דעמ פלאמ
אונ מאכנ זיכ דערמיט אומשטערבלעכ?

נאר וויי, ווענ ס'מיינט א שטעקנ, אז ער איז א יאטיעדאמ,
א שפרונג אינ פלאמ —
אנ טאראראמ,
אנ ראש
איז פונעמ שטעקנ גיכ געווארנ אש!

כ'געדענק פארשווינדעלעכ א פאר:
ס'הייסט איינער האקנקרייצער אונ דער אנדערער — שווארציאר,
זיי פלעגנ, ווי דער שטעקנ,
ברעכנ טעפ אינ אלע קיכנ.
אויב היינט די וועלט זיי האלטנ נאכ אינ שרעקנ,
אונ זיי פארגעסנ, אז א שטעקנ האט צוויי עקנ,
אז ניט שטענדיק ליגנט אינ פייער קריכנ...
איינ זאכ איז ברעכנ טעפ,
א צווייטע זאכ — איז אויסלעשנ א פלאקער,
קאנסט ברעכנ טעפ אונ זיינ א קליינער קנאקער!

# א בער א כאזער

אין א פראָסטן מיטוואָך, מיצקעדריגען,
איז א בער געקומען צו די ביגען.
(ס'איז ניט קיין אָנגעלייגטער גאסט!)
נאָר ווי עס פאסט,
האָט מען דעם גאסט דעם בער געגעבן האָניק
א פולן טאָפ מיט א פּאָלאָניק.
איז אָבער אונדזער בער געווען א זשעדנער כאזערוק,
ווי נאָר ער האָט דערשמעקט דעם האָניק מיט זיין שנוק,
האָט ער פארגעסן,
אז ער איז דאָ א גאסט, און אָנגעהויבן פרעסן,
ווי נאָר א בער קאָן זיך פארגינען...

דאָס האָט די בינען
שטארק פארדראָסן:
דער גאסט האָט ווייניקער געגעסן, ווי צעגאָסן!

ער האָט אין מיט פון בינשטאָק זיך פארקליבן,
מיט האָניק זיינע זייטן זיך געריבן,
אין האָניק איינגעטונקט דעם עק, די אויערן, די נאָז,
און מיסע שלעכטער באלעבאָס
די בינען מיט די פיס געטראָטן.
דאָס בלוט האָט בא די בינען אופגעזאָטן:
„דו הער, דו כאזערוק, דו הונט מיט אויערן,
ביזוואנען וועסטו אונדזער בינשטאָק בויערן".
גיי רייד צו אים, גיי בעט בא אים, דערקלער —
א בער בלייבט פאָרט א בער!
די בינען קאָנען שוין ניט ליידן מער,
די עלטסטע בין — א בין א קיסן —
באפוילט די בינען: ביסן!

וואָס דאָרטנ האָט זיכ אָפּגעטאָנ — דאָס מעגנ הערנ
ניט בלויז בערנ...
די בינענ האָבנ אונדזער גאַסט,
וואָס איז געוועזנ זיי צו לאסט,
מיט זייער גאַנצער גיפט געשטאָכנ אונ געביסנ.
דער בער — ער האָט פונ זיכ די הויט געריסנ!
די בינענ שטעלנ זיכ ניט אָפּ:
מע דרייט זיכ ארומ בערס צעהיצטנ קאָפּ,
מע קריכט אינ נאָז אריינ, מע שטעכט די ליפּנ
אונ מע בריט די אויערנ.
„גענוג שוינ! — שרייט דער בער. — נו, וויפל קאָנ עמ דויערנ?"

דעמ מוסערהאסקל מוז מענ וויסנ:
די בינענ האָבנ אונדזער בער צעביסנ
ניט פאַר זײַנ גרויסנ אַפּעטיט,
נאָר פאַר זײַנ מיִעסנ געוויסנ!

# די באָרד

בא אונדז אין שפּאָלע האָט געלעבט א ייִד.
ניט קיין פּראָסטער כּל־וועקניעם:
אָפּ זײַן סערדעט דעם ליוסטרינעם און בײַעם
האָט, ווי א פּיִוער־שטיק, זײַן לאַנגע באָרד געגליט...

א פײַנע באָרד, ניט שײַעכ זאָגן,
ער האָט ווי א לאָמטערן זי געטראָגן
און ווי אַן אויצער זי געהיט!

אין א רעדל, אין א שמועס, אָפּ אַן אסיפֿע
האָט אונדזער העלד, רעב יאַנקל, זעלטן איבערראַשט די וועלט
מיט אײַנפֿאַלן ומיט קלוגע און מיט טיפֿע
און שטענדיק נאָר די באָרד אַרויסגעשטעלט.

ווײַל זעלטן פֿלעגט בא אים א בליץ טאָן א געדאַנקל,
נאָכ זעלטענער אַן אייגן וואָרט,
און שפּאָלע האָט פֿאַרגעסן שוין זײַן נאָמען: „יאַנקל!"
און מ'האָט גערופֿן אים: „די באָרד!"

די באָרד האָט אים געמאַכט באַרימט אָפּ גאָר דער וועלט,
די באָרד האָט אים אָפּ זײַנע פֿיס אַוועקגעשטעלט,
ווען ניט די באָרד, וואָלט אים דער נאַר, וואָס זיצט אין אים, געקוילעט.

און שטענדיק, ווען א צווייטער האָט געהערט,
האָט ער זײַן באָרד געגלעט,
און יעדער געניגל זײַנס האָט אַלעמען געמאָלדן קלאָר און בוילעט:
„איך, צוציקעס, קונדייסימלעך, אָן בערד
האָט איר די ווערט
א זעצ אין דר'ערד!"

דאָס לעבנ װאָלט געװענ פאַר יאַנקלענ צוקער־זיס,
נאָר ס׳האָט די באָרד זיכ אָנגעהויבנ פלאָנטענ בא די פיס,
זי האָט אַליינ שוינ אָנגעהויבנ קלערנ,
אַז דער גאַנצער קאָװער פונעמ באַלעבאָס הייבט אָנ שוינ
איר אַליינ, דער באָרד, געהערנ!

דאָס האָט אַרויסגערופנ גרויס פאַרדראָס
בא אונדזער באַלעבאָס,
ער האָט באַשטימט, אַז ס׳װעט שוינ בעסער זײַנ פאַר בײדנ
זיכ צעשײדנ.

דאָס לעצטע מאָל האָט ער זײַנ באָרד די לאַנגע אויסגעשאָלטנ,
דער שערער האָט אַ נעמ געטאָנ דעמ קאָלטנ,
אַ טשיק געטאָנ! דער נאַר
האָט גלײַכ געטאָנ פונ אימ אַ שפאַר.
די װעלט האָט אימ דערזענ אָנ אָפגעגאָלטנ!
װאָס זײַנענ מיר דאָ אויסנ?
מע דאַרפ זיכ מיט קיינ בערד ניט גרויסנ.

# דער מאָשל אונ דער נימשל

איינער א מאָשל האָט זיכ צעשפּרייט
אפ אַנדערהאַלבנ זײַטנ
אונ שטאָלצ געקוקט אפ דעם צוויישורעדיקנ נימשל, וואָס איז פונוויַיטנ
געלעגנ שטילערהייט.
ער האָט גערוט באשיידנ,
ער האָט ניט ליב געהאט א סאַכ צו ריידנ,
ווי, לעמאָשל, אונדזער מאָשל האָט עס ליב אומאָל,
א שפּרונג טאָנ אפ א בארג, א שטיפ טאָנ אינ א טאָל,
ס'איז ניט קיינ נײַעס,
דער מאָשל האָט צו אָפט באגעגנט זיכ מיט כײַעס,
דער נימשל האָט צומ מענטשנ אפּעלירט,
אזוי איז שוינ פונ קאַמע יאָרנ אײַנגעפירט...

דער נימשל אונדזערער האָט עס געוווּסט שוינ פונ לאַנגאָנענ
אונ קלוג געקוקט דעם מאָשל גלײַכ אינ פּאָנעמ
אונ האָט געטראַכט דערבײַ:
— מאָשל־קאַפּאָשל רופט דער מענטש אימ ניט אומזיסט אפּאָנעמ...
ער רעדט אונ רעדט, — אנ ארבעט פאַר באַטלאָנימ,
ס'איז ניט קעדײַ.
דער נימשל האָט עס אפנ קאָל דערקלערט אימ.
דער מאָשל האָט געהערט אימ
אונ האָט געמאַכט אזא מינ קונצ:
ער האָט זיכ מיט א מאָשל אָפּגעשלאָגנ
וועגנ די וואָרצלענ אונ דעם בוימ,
נאָר ווענ ער האָט געדאַרפט דעם נימשל זאָגנ,
האָט ער געכאַפּט דעם אָטעמ קוימ.

אונ ס'איז דער מאָשל הענגענ אינ דער לופט געבליבנ,
כאָטש ער האָט אים באַפּוצט, באַביינט, מיט טאַמ באַשריבנ...
אָט גיב א קוק אפּ מיר,
ווי איכ בינ שיינ, ווי פייַנ איכ שעמעריר
מיט אַלע פאַרבנ פונעמ רעגנבויגנ,
דער נאַכעס האָט געשפּילט אינ זייַנע אויגנ,
די זאַפּט האָט אינ זייַנ לייַב געשפּילט,
ער איז בעעמעס שיינ געווענ — אונ ער האָט עס געפילט.
נאָר אָנעמ נימשל האָט ער זיכ פאַר קיינעמ ניט געקענט באַווייַזנ,
ווי ס'האָט אָנ אימ דער נימשל זיכ באַווייַזנ ניט געקענט,
נאָר שטענדיק פלעגנ זיי זיכ טויטשענ אינעמ קלייַזל
אונ קריגנ זיכ אונ מאַכנ מיט די הענט,
נאָר וועמענ ס'איז געלונגענ
א שאָלעמ שליסנ צווישנ זיי,
בא יענעמ האָבנ ביידע ניט געקריגט זיכ, נאָר געזונגענ...

איכ האָב באַוויירימ צוויי,
ס'הייסט איינער באָרעכ, אונ דער צווייטער — שימשל,
ווי שטאַרק דערמאָנענ זיי דעמ מאָשל מיטנ נימשל!..

# דער פּרעסער און די קאַטשקע

א גרויסער פּרעסער האָט באַמערקט דורך זײַנע לאָדן
א קאַטשקעלע א יונגס זיך באָדן
אינעם טײַכל.
פֿאַר אים האָט באַלד א בלענד געטאָן א ייַכל
מיט אויגן גאָלדענע באַשפּריצט,
א פֿאָלקע האָט פֿאַר אים געבליצט,
א העלדזל א געפּילטס האָט שוין אין פּלאָסטערן געפֿינקלט,
מיט גריונן, ווי מיט דימענטן, אַרומגעריגלט.
האָט ער דערזען זיך,
און אין פֿאַרלאַנג
האָט זיך צעפּלאַקערט, אין געדאַנק:
דאָס קאַטשקעלע פֿאַרנאַרן אין זײַן קיך!
ער האָט עס אָנגעהויבן לויבן
מיט זיסע רייד:
„מײַן פֿרייד,
איך וואָלט פֿאַר דיר ניט אָפּגעגעבן אַלע טויבן!
ווי קומט די פּאַווע גאָר צו דײַנע פֿעדערן!
ס'איז קלאָר פֿאַר יעדערן,
ביסט שלאַנק, ביסט יונג!
ווי קומט דער אָדלער צו דײַן שווונג!
ווער קאָן דיך אין דײַן שווימען איבעריאָגן!
איך דאַרף דיר זאָגן,
כ'בין אויסגעוועזן שוין אַף מײַן לעבן ווו א געגנט

אונ האָב אזא מינ פײַנעמ פויגל ניט באגעגנט
אונ האָב פונ אזא צנוע ניט געהערט!
הײַנט נעמ דײַנ בעריעשאפט אינ וואסערנ זיכ טוקנ
אונ שטענדיק פונעמ טײַכ ארויסגיינ טרוקנ!“
דאָס קאטשקעלע איז אָבער אויכ געווענ א מייזונ אפ א טשאָד,
עס האָט מיט כשאָד
זיכ אָפּגערוקט פונ אונדזער זיסנ יונג גאנצ ווײַטלעכ
אונ האָט א זאָג געטאָנ אפ קאטשקע־לאָשנ, אָבער זייער דײַטלעכ:
„מיר פארשטייענ דיכ, מײַנ פרײַנט, דו רעדסט עס אלצ בעקיווונ:
דו ליבסט די קאטשקעלעכ — אונ מיינסט די גריווונ“.
דער פרעסער האָט מיר שטארק דערמאָנט
א פּאָר אמעריקאנער יונגעלײַטלעכ...

# די קליפּע

געלעבט האָט אין אַ קלוניע אַ פּאַרפּאָלק:
אַ האָן... ווער זאָגט אַ האָן? — אַ מאַלעך,
אַ רויטער קאַם, און ווייסע פעדערן ווי קאַלך,
אַ קריי! אַ שפּאַן!
ס'איז זעלטן גאָר אַזוינס פּאַראַן...
דער גאַנצער הויף איז איר געווען מעקאַנע,
דער ראַבער הון, אַף איר באַשערטער פּאָר,
און פול מיט שאַנע,
די הינער פלעגן קוקן אַף די ווייסע פעדער־האָר
פון אונדזער האָן דעם שיינעם,
און אַלע שביינים
געשעצט אים האָבן, און געליבט אים, און געאַכט,
און אָפט מאַטאָנעס אים געבראַכט...

די פּאָר וואָלט זיך געעלטערט שטיל, אין ליבע —
מע האָרעוועט ניט שלעכט, דאָס וואַסערל איז קלאָר,
נאָר ס'איז די הון געווען אַ גרויסע קליפּע
און אים דערגאַנגען די יאָר...

ער איז געגנוג פון איר שוין אויסגעשטאַנען,
זײַן גליק איז נאָר אין דעם באַשטאַנען,
וואָס ס'איז אַ הון און ניט קיין דאַמע,
אַניט וואָלט ער שוין לאַנג געפּלאַצט מיסטאַמע,
עס וואָלט זיך אָנגעהויבן לויטן סיידער:
קליידער,
עס וואָלט אַוועק אַ סעדרע זייַד, און וואָל, און קאָרט,
און שיכלעך פונעם בעסטן סאָרט,
און היטעלעך מיט פעדערן פון פּאַווען און פון שטרויסן,

א בראַנדזעלעט א גאָלדענעמ, א גרויסנ,
טעאַטער אונ קאַרעטנ, קאַרלסבאַד —
אונ אַלעמאָל א נײַער בשאַד,
אונ אײפּערזוכט, אונ בסאָמימ, אַז ס'זאָל שמעקנ,
אונ פֿויגל־מילכ, און האָצעפּלאָצ, אונ פּוקסנ־עקנ...

א גליק, וואָס אונדזער הונ איז ניט געווענ קײנ פּאַווע
אונ וואָס איר אור־באָבע האָט ניט געהײסנ כאַווע,
וואָס ניט געדאַרפֿט האָט זי אַפּ דאַטשעס זײַנ, אַפּ בעלער העפּענ,
נאָר ס'האָט א קליפּע זיכ באַזעצט אינ אונדזער הונ,
א קליפּע בלײַבט א קליפּע אומעטומ,
א קליפּע זוכט זיכ שטענדיק אָפּ צו וואָס צו טשעפּענ!

אָט זיצט דער האָנ אונטער דער זונ,
קומט אָנ די הונ
אונ שרײַט: „וואָס זיצסטו ווי א לײדיקגײער?
וואָס לײגסטו ניט קײנ אײער?"
וואָס זאָגט איר אַפֿנ שלאַק? דער האָנ זאָל לײגנ אײער!
„גײ קלײַבנ קערנער! — שרײַט זי ווידער אויס, —
אַפּ וואָס קוקסטו אַרויס?"

דער האָנ גײט קלײַבנ קערנער איבער שטאַלנ,
נאָר זי האָט אימ געפּאַקט אונ שוינ אָפּסנײַ באַפֿאַלנ:
„דו טאַכשיט, וואָס דו ביסט!
גײ קלײַבנ קערנער אינעמ מיסט!"
ס'האָט אונדזער האָנ א גאָלדענעמ כאַראַקטער,
אונ ווו ער זאָל ניט זוכנ, פּאַקט ער.
ער קלײַבט אינ מיסט.
קומט ווידער אָנ די קליפּע, אונ זי שיסט:
„וואָס קלײַבסטו דאָ? גײ קלײַבנ אינ די שטאַלנ,
דאָרט ווערט א וועלט מיט „קאָרמ" פֿאַרפֿאַלנ!"

זי שרײַט, זי שפּריצט מיט גאַל!
וויל ער שפּאַצירנ, פֿליט זי אַפּ דער סידעלע,
גײט ער אינ קיכ אַרײַנ, לויפֿט זי אינ שטאַל,
ס'איז גוט, וואָס ס'איז א הונ אונ ניט קײנ ייִדענע!

באַטש אַפּט געפעלט איר, וואָס דער האָן דער שיינער טוט,
נאָר זי מוז טאָן פאַרקערט;
מע זאָגט, אַז ס'האָט אַ קליפּע אַנדערש בלוט!
ווי ס'זאָל ניט זײַן, האָט זיך דאָס גוטע לעבן גיך צעשטערט!
דער האָן האָט לאַנג געקוקט איר אין די אויגן,
נאָר וויפל קאָן אַ האָן צו צאָרעס בלײַבן טויב?
ער האָט געטאָן די פליגל פלינק אַ הייב
און איז אַוועקגעפלויגן!

אַ האָן — און פליט?
איר מעגט מיר גלייבן אָדער ניט,
נאָר ווען אַ קליפּע הייבט אָן דרייען,
וואָס קאָן מען טאָן?
עס פליט אַ האָן,
און מענטשן הייבן אָן, ווי הענער, קרייען...

דער אויספיר איז ניט צופיל טיף, נאָר וויכטיק,
און אויב ניט צופיל וויכטיק, אָבער ריכטיק.
ווײַל קליפּעס זײַנען דאָ אין קאָלערליי געביטן,
מע דאַרף פון זיי זיך, ווי פון פײַער, היטן.

# דער קאָטער און דער קנויל

א קאָטער בעך קאָטער איז אפ דער זון געלעגן
און מיט די נעגל
לייִדיקגייעריש געקראַצט דעם דיל,
באַלעקט זיך אין דער שטיל,
מיד און פויל
געגענעצט און געזיפצט, ווי פאַר א רעגן,
ביז פונקט אַנטקעגן
האָט ער דערזען א קנויל,
א קליינער קנויל, קימאַט א קנײַלעכל,
און אַלע מאָל, ווען ס'האָט א ווינטל אין דער טיר
געטאָן א פלאַטער ווי א לײַלעכל,
האָט זיך דאָס קנײַלעכל געטאָן א ריר...

דער קאָטער האָט מיט זײַנע ביטרע אייגעלעך געגעבן גלײַך א שעמעריר

און צוגעשנורעוועט דאָס מײַלעכל,
די נאָזלעכער צעבלאָזן זיך, ווי ניט קיין קנויל פון פאָדעם —
א קולעקל די גרייס,
וואָלט דאָ געפלאַטערט, נאָר א מויז,
א לעבעדיקע מויז
האָט זיך גערוקט צום פערעדאָדאָם...

געוואָרן איז פון מײַלעכל א מויל א גרויל,
פון יעדן צאָן — א ווײַסע גליענדיקע קויל,
עס האָבן פונקען זיך געשאָטן פון די אויגן,
צוויי לאַפּעס האָבן זיך צעצויגן
און גנייווייש זיך געקליבן צו דעם קנויל...
א כאַפּ! (דער קאָטער איז געווען א כאַפּער!) און א צופּ,

פונ טײַנעג האָט צעציטערט זיכ בא אימ א ליפ,
א צופ, א צופ דעמ פאָרעמ,
אונ ס׳וויקלט זיכ דער פאָדעמ
ארומ דעמ קאָטער בענ קאָטער, דעמ פערע־אָדאָמ.
וואָס מער ער ציט,
אלץ פלינקער שפרינגט אונ פליט
דער קנויל פונ איינ זײַט אינ דער צווייטער,
דער קאָטער שוויצט,
אָט ליגט ער א צעשפריטער,
אָט ווערט פונ אימ אליינ א קנויל, וואָס בליצט,
מיט אויגנ צוויי, ווי גרינע טרערנ,
ווער קאָנ די רעטעניש דערקלערנ,
ווענ ער ווערט מיד פונעמ גאַלאָפ
אונ רוט א ווײַלע,
דאָנ שטעלט זיכ אויכ זײַנ קאָרבנ אָפ, —
די שײַלע בלײַבט א שײַלע!

דער קאָטער וואָלט זיכ אָנ דעמ גוטנ ביסנ שוינ באַגאַנ,
כאָטש ער איז אימ שוינ אינ דער נאָז פאַרגאַנ, —
נאָר ס׳האָט גערעגט אימ די באַגעגעניש די נײַע!
— וואָס איז דאָס פאַר א כײַע?

מ׳האָט אונדזער קאָטער אָפט גערימט
פאַר זײַנ אקשאַנעס, ווענ ער וואָלט געוואָלט דעמ טאָכ דערשפירנ,
אונ ער האָט פעסט באַשטימט:
דעמ קנויל צעקנוילנ — וואָס עס זאָל מיט אימ דאָ ניט פאַסירנ...

ער האָט געדרייט אימ הינ אונ הער,
געפרווט דעמ קנויל צעפלאָנטענ כאָטש א ביסל,
געווענ איז אונדזער קאָטער זייער שווער,
ער האָט אליינ זיכ אויספלאָנטענ געוואָלט, ווי פונ א נעצ זיכ שוינ
געריסנ,
אונ זיכ אליינ פאַרפלאָנטעט מער אונ מער...
ס׳איז א געזעצ,
ניט נאָר פאַר קאָטערס אונ פאַר קעצ:
א פלאָנטערער בלײַבט שטעקנ אינ זײַנ נעצ.

# די פוסטע פאס אונ די פלייט

מיט רויש איז פול די גאס:
א פוסטע פאס
האט מענ געפירט
פונ ווינקעלער אינ שטעטלשנ קאלווירט.

די פוסטע פאס האט שטארק געגוואלדעוועט, פארשטייט זיכ,
געליארעמט, אונ געטראכקעט, אונ געדרייט זיכ,
ווי נאר א פוסטע פאס קאנ זיכ פארגינענ.
דערבײַ האט זי באמערקט אינמיטנ־דרינענ
א פלייט...

עס האט פונ דינעמ קערפערל געווייט
מיט לויטערע אונ שטילע קלאנגענ,
גאר ס'האט זיכ אלעמענ געדאכט, אז ס'האט אינ נעצ פונ פרייד
א ריאלבע וועלט געפאנגענ...

געשפילט האט אפ דער פלייט א בלינדער,
אונ מענטשנ עלטערע אונ קינדער
האבנ בארינגלט אימ,
אונ מ'האט באוווּנדערט יענע כיעסדיקע שטימ,
די שטימ, וואס נאר די פלייטנ האבנ.
אונ ס'האט די פוסטע פאס
מיט קאס
אונ מיט איר פוסטעפאסנע קאל דאס גראבע
א זאג געטאנ צו זיכ אליינ:
„דו זע, ווי קליינ,
א גארנישטל, א פיפעלע, וואס קוימ סע זשיפעט,
כליפעט —
אונ מענטשנ שטייענ אנ א שיר.

וואָס קאָנען זיי, אַשטייגער, דאַרטן הערן?
איך האָב אַ מעכטיק קאָל און כ'קאָן עס נאָך פֿאַרמערן,
און קיינער קוקט אַפֿילו ניט אויף מיר!"

דאָס האָט די פּאַס אַוואָדע שטאַרק פֿאַרדראָסן,
און זי האָט אויסגעשאָסן!..

פֿון קאַס,
באַווײַרים, שיסט אַמאָל אַ פּאַס!

זי האָט גענומען קלאַפּן מיט די רייפֿן,
די מענטשן רײַבן זיך די שלייפֿן,
די קלעפּקעס טראַסקען, ס'ווערט אַ קנאַקערײַ,
נאָר גיך איז אַלץ פֿאַרבײַ,
ס'האָט אונדזער פּלייט מיט אויערלעך מיט זילבערנע דערהערט שוין
דאָס שיפּענדיקע קרעכטשן
פֿון פֿאַרדראָס
און האָט געווענדט זיך צו דער פּאַס: „וואָס קלאַפּסטו, וואָס?
דײַן קאָס דײַן גרויסן מעגסטו שטילן.
עס ווייסט די וועלט שוין סײַווי־סײַ,
אַז טראַכקערײַ איז טראַכקערײַ
און טראַכקען הייסט ניט שפּילן!"

עס זײַנען מוזיקער פֿאַראַן אַ סך,
וואָס פֿילדערן אין האַרץ און אין געפֿילן.
זיי ווילן בלויז איין זאַך:
דורך פּוסטן ליאַרעם ווערן גרעסער
און לערנען זיך מוזיק בײַ פּוסטע פּעסער!

# דער עפּל־הענדלער אונ דער נעפּל־הענדלער

אינמיטנ מארק — גערוי׳ט
ארומ א גרויסנ קויט
מיט עפּל מיט רויט־בעקלדיקע רײַפּנ
האָט זיכ א פרויענ־צימער א באַיאָרטע, נאָר א שטײַפע
צערעדט מיט אײנעמ א סוכאָטנעמ יונגערמאנ:
— מיט עפּל האנדל איכ, מיט עפּל,
אונ איר מיט וואָס?
— מיט נעפּל!
דער ענטפער איז דער סעדעכנ פארגאנגענ אינ דער בלויער נאָז,
אונ קלאָלעס האָבנ זיכ געטאָנ אפ אונדזער יונגערמאנ א לאָז. —

— וואָס שרײַסטו, וואָס?
איכ האנדל שוינ א לאנגע צײַט מיט נעפּל,
כ׳פארדינ ניט ווייניקער ווי דו מיט דײַנע עפּל
אונ ווייס ניט פונ קיינ נויט.
עס האנדלענ אפ דער וועלט מיט ווינט ניט ווייניק הענדלער,
אונ דאָס איז דיר פארשטענדלעכ,
פארוואָס זשע קענ דער נעפּל ניט באַזאָרגנ מיכ מיט ברויט?..

מיר האָבנ נאָכ א סאכ, וואָס האלטנ פונעמ נעפּל,
ווײַל וואָס איז מ׳שטיינס־געזאָגט דער עפּל,
אפילע ווי דײַנ קאָפּ די גרייס?
מע עסט אימ אופ — אונ אויס!
אונ די האנאָע פונ מײַנ סכוירע
געדויערט אָנ א ברעג.
ווער ס׳האָט פאר צופיל קלאָרקײַט מויחע,
דער זוכט מיכ אָפּ אפילע אינ די קלאָרסטע טעג...
דו מיינ ניט, אז איכ דאבער אויסנ וועג,
מיר האָבנ נאָכ געוויסע רעדנער, קריטיקער אונ סטאמ באטלאָנימ,
וואָס נאָר אדאנק דעמ נעפּל האָבנ זיי א פּאָנעמ
אונ האָבנ זייערע פארערער —
אונ אײנזיכיסטנ רופנ זיי אפילע: „לערער”!

# א פיש אפ דער יאבאָשע

א פיש, א בייזער פיש — א ראָשע,
וואָס האָט געלעבט שוינ אינ א טײַכ א לאנגע צײַט,
האָט זיכ דערוווסט, אז דאָ ניט ווײַט אפ דער יאבאָשע
איז אויכ פאראנ א וועלט, א לופט, א דרויסנ
אונ ס'לעבנ דאָרט נעפּאשעס זייער גוט,
מע שווימט, מע פּאָכט דאָרט מיט די זשאברעס אונ מע טוט
דאָס זעלבע, וואָס אינ טײַכ אינ גרויסנ,
נאָר דאָרט
האָט יעדערער א מעגלעכקײַט צו שטײַגנ
אונ ניט נאָר ליגנ אפנ טיש, נאָר אויבנט זעצנ זיכ צום טיש.
א שיינער טאכלעס! — זײַנ א פיש
אונ שווײַגנ.

איז וועג דאָס איז א פיש א לײַטישער, ווי ס'מאכט זיכ,
וואָלט ער גערופנ זײַנע פרײַנט,
מע וואָלט באטראכט זיכ,
ס'וואָלט יעדער איינער אפ זײַנ אויפנ אי באלויכטנ אי באשײַנט
די זאכ גענוי אונ ברייט,
די רייד
געבראכט וואָלטנ צו אויספירנ געוויסע,
נאָר אָט דער פיש האָט שוינ געליטנ לאנג פונ גענג פונ מיִעסע,

האָט ליב געהאט אפ זיכ אליינ נאָר שטעלנ,
פונ אלע מיינונגענ איז אים זײַנ אייגענע געווענ געפעלנ,
כאָטש ס'פלעגנ אנדערע פארמאָגנ דעם גערעכט,
אונ צווישנ גוט אונ שלעכט
האָט ער דאָס ערגסטע אויסגעקליבנ,
בעקיצער,

בוצ אלעמענ איז ער געווענ א שוויצער.
אונ ווי דער טײַוול וואָלט אימ צוגעטריבנ,
האָט ער, דער יונג,
געטאָנ א שפּרונג
פֿונ טײַכ פֿונ קאלטנ
(מיט קיינעמ זיכ קיינ אייצע ניט געהאלטנ!)
אונ איז אוועק
אליינ לענגאויס דעמ ברעג,
אז טאָמער וועט ער עפּעס יאָ געפֿינענ,
זאָל זײַנ פֿאַר אימ אליינ
אונ פֿאַר זײַנ אייגענעמ געביינ,
נאָר זיכ אליינ האָט ער געקאָנט פֿארגינענ
א ביסל גליק,
בלויז זיכ אליינ נאָר...
ער רוקט זיכ שטילערהייט... ער שאַרט זיכ... מיט זײַנ פֿישנ־בליק
ער נישטערט, צי עס זעט ניט קיינער...
אזוי האָט ער זיכ מיטנ עק געדרייט,
זײַנ פֿישנהאַרצ האָט זיכ געפֿרייט,
וואָס ער איז פֿונעמ טײַכ שוינ אזוי ווײַט אוועקגעגאנגענ.
נאָר מיט דער היימ אונ מיטנ טײַכ צעשיידט,
איז ער אפֿ דער יאבאָשע אויסגעגאנגענ...

דערהערנדיק די מײַסע מיטנ שנעק,
האָט מענ אינ טײַכ געקלערט: נישקאָשע,
ווער ס'וויל פֿונ קאָלעקטיוו אוועק,
זאָל שמעקנ ווי דער פֿיש אפֿ דער יאבאָשע!

# דער גראָבער פינגער און דער קאָפּ

באַ איינעם אַ בען־שמוניִנים,
וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס געאַמפּערט זיך, געבאַקרענקט און געקלערט
וועגן דעם מענטשן און זײַן ווערט,
האָט אין אַ טאָג אַזוינעם,
וואָס איז ניט גלײַך געווען צו אַלע טעג,
צעפּלאַקערט זיך אַ מוירעדיק געשלעג
צווישן זײַן קאָפּ דעם אַלטן
(ער האָט זיך קוים שוין אָפּ זײַן האַלדז געהאַלטן...)
מיט זײַן קירפּאַטן גראָבן פינגער:
— אָן מיר, — האָט ער געזאָגט דעם קאָפּ דעם אַלטן, —
וואָלסטו געווען אַ לאָקשן־שליבגער, —
אין בעסטן פאַל — אַ באַנק־קוועטשער, אַ באַטלען און אַ דרינגער, —
האָט זיך דעם זאַקנס פינגער
געבייזערט אויפן קאָפּ, —
דו וואָלסט קיין איין געדאַנק אַפילו ניט געבוירן
און מאַלעגייערס היי וואָלט נאָר געווען דײַן גוירל...
— דו ביסט פּוך זיין אַראָפּ! —
האָט שטיל געזאָגט דער קאָפּ, —
וואָס פאַר אַ ווערט האָסטו, וואָס פאַר אַ קויעך,
אַז דו פאַרמאָגסט אַפילו ניט קיין פּיצל מויעך!..

דער גראָבער פינגער האָט גראָב־יונגעריש געלאַכט:
— דו האָסט דעם מאוח, און איך די מאַכט,
אָן מיר ביסטו אַ ליידיקגייער,
און טוסטו נאָר מיט מיר אַ דריי,
דאַן אַרבעטסטו פאַר צוויי
און לייגסט געדאַנקען, ווי לעהאָווודל הינער — אייער!

דער קאָפּ האָט זיך באַליידיקט זייער שטאַרק,
דעם גראָבן פינגער אויסגעזידלט,
ווי אַפּ אַ מאַרק,
נאָר דער בען־שמויניִם איז געלעגן אָפּגעפידלט,
ווײַל בייזע צינגער
געטײַנעט האָבן שוין פון זייער לאַנג,
אַז אויב דער אַלטער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט אַ פּיצעלע געדאַנק,
האָט ער געוויזן אים פון גראָבן פינגער.

נו, מאַלע, וואָס עס פּלאַפּלען בייזע צינגער...

# מענאשקע ברענ

א פײַערלעשער איז א גוטער פאַכ,
א פּאָמפּע טויג, ווענ ס'ברענט דער דאכ.
קעדיי די וויכטיקײַט דערפונ דערקלערנ,
האָב איכ באַשטימט א מאַשל־שרײַבער ווערנ.

אינ א ווינקל א פארוואָרפנס, אינ א העק
האָט א שנעק,
א בעוורעמאַנ א ווילער,
געלעבט.
א הוילער
האָט ער זיכ אינ געסעלעכ געשלעפּט,
אונ ווענ דער קונדעס איז געוואָרנ
אינ די יאָרנ,
האָט מענ לאַנגע הויזנ אימ באַשטעלט
אונ געלאָזט דעמ באָכער אַפ דער וועלט...
ס'הייסט ווײַט איז ער פונ שטעטל ניט געפלויגנ,
נאָר ווײַט האָט אימ, א סוואָרע, ניט געצויגנ.

געבליבנ איז ער דאָרט,
אינ יענעמ אָרט,
ער איז געוואָרנ א בראַנדמייסטער
(אַפ ייִדיש — פּראָסט א פײַערלעשער הייסט ער),
געטראָגנ א קאַסקאַרדע מיט א פּאַס:
ס'איז דאָ א פּאָמפּע אונ א קליאטשע אונ א פאַס,
אונ ווי צו לעשנ ווייסט ער...
דאָס שטעטל האָט דערזענ אינ אימ א טרייסטער,
א רעטער אינ א בייזער שאָ דערזענ:
מ'האָט אימ געשענקט א קארב א וואָכ אַפ לעבנ

און אויך א צונאָמען געגעבן:
מענאשקע ברענ!
א גוטער צונאָמען געווען!
ס'הייסט, ווען מע זוכט, וואָלט מען מיסטאמע
פעסטגעשטעלט,
אז ס'האָט אזוי אמאָל געדופן איים זיין מאמע.
און אף דער וועלט
איז פאר א פייערלעשער דאָך קיין פאסיקערער נאָמען ניט
געווען!

איר וואָלט עס שוין געזען,
ווי פּאָרן פלעגט ער שטאָלצ איבערן געסל
מיט דער פּאָמפּע, מיטן פעסל...
דאָס שטעטל האָט געפילט:
מ'האָט ניט פארשפּילט,
מע מעג זיך זיצן רויק אף די פעקלעך —
דאָס גרעסטע פייער איז שוין איצט ניט שרעקלעך!

ווען ס'האָט אין שטעטל ניט געברענט,
האָט ער שפּאצירט, מענאשקע ברענ, פארלייגט די הענט,
זייט מויכל, דאָרט, וווּ ס'איז באקוועמער,
געטריקנט האָבן זיינע עמער,
דאָס פעסל האָט געלעכצט,
די קליאטשע האָט געקרעכצט,
און ער — ער פלעגט מיט זיין באליבטן ניגן
די פּאָמפּע האלטן אין די הענט
און פּאָמפּען אף די קרומע ווענט.
וויל פּאָמפּען איז בא אים געווען א פארגעניגן.
געלעבט האָט ער אזוי, ווי אין אָדעס,
געגאַנ איז א מעסלעס נאָך א מעסלעס.

קיין פייער האָט אף היזער ניט געלויערט,
קיין רויך האָט אף די דעכער ניט געהויערט.
ס'איז גוט און פיין,
וואָס בעסער קאָן ניט זיין!
נאָר ווען, כאָלילע,
פון געסלעך שטילע

האָט נאָר אַ שמעק געטאָן מיט רויך,
אַ פֿײַער האָט אַ ברי געטאָן די הייך,
און ס'האָבן אויגן
זיך געצויגן
אַהין, צו אים, מענאַשקע ברענט,
ער זאָל באַווײַזן, וואָס ער קען,
דער בראַנדמייסטער...

וואָס דעמלט האָט זיך אָפּגעטאָן!!!

מענאַשקע ברענט איז אויבנאָן,
מענאַשקע פֿליט דעם פֿלאַם אַנטקעגן!

דאָס פֿעסל טראַסקעט אויף די וועגן,
די קליאַטשע ציט,
מענאַשקע פֿליט,
אַ שווייסיקער, אַ נאַסער,
די פּאָמפּע האַלט ער אין די הענט,
ער פֿרעגט ניט קיינעם, ווו עס ברענט,
און פֿון דער פּאָמפּע זעצט דאָס וואַסער
אויף לינקס, אויף רעכטס,
דאָס פֿעסל קרעכצט.

מענאַשקע וויגט די פּאָמפּע ווי אַ שיקער,
אַהער אַ פֿיר, אַהין אַ פֿיר,
ווי גאָר ניט לעשן איז דער עיקר,
נאָר פּאָמפּען, פּאָמפּען אָן אַ שיור!..

„מענאַשקע! גוואַלד! וואָס טוסטו, קוילער?
דו לעשסט ניט דאָרטן, ווו ס'ע ברענט!"
מענאַשקע קוקט ניט אויפֿן אוילעם,
ער האָט איצט קיינעם ניט דערקענט!
„פּאָמפּאַטש! וואָס פּאָמפּעסטו אויף שטיבער,
וואָס ברענען ניט? וואַרט אויס! האָב צײַט!"
מענאַשקע פֿלאַמט ווי אין אַ פֿיבער,
ער פּאָמפּעט האַסטיק און פֿאַרשײַט!

ווי נאָר דאָס פּאָמפּען וואָלט זײַן לעבן אים באַרעכטיקט...

פון וויפל הײַזער איז געוואָרן אש,
ווען ס'האָט מענאַשקע מיט א ראַש
געלאָשן דאָרט, ווו ס'האָט קיין פֿײַער ניט געגעכטיקט!

איך האָב די אַלטע מײַסע זיך דערמאָנט,
ווײַל כ'האָב מענאַשקע ברענ ניט לאַנג דערקאָנט,
כ'האָב אים באַגעגנט אַן דער קליאַטשע, אָנעם פעסל,
און נאָר זײַן פּאָמפּע האָט געראַשט אין אונדזער געסל!

# דער שמעטערלינג און די קראָ

א קראָ, וואָס האָט איר אָנבײַסן גענאַשט פון א נעווײלע,
איז זאַט און פרײלעך
געפלויגן צו איר נעסט,
זי האָט געפילט זיך אײַנדערלופטן פעסט.
די פליגלען איריע מאַלכעסדיק צעשלײַדערט,
האָט זי געקראַקעט אַזש פאַר גליק.
און פלוצעם איז איר גיריקער און שפיזלדיקער בליק
געפאַלן אױף א שמעטערלינג, וואָס האָט ניט ווײַט דאָרט
געשוועבט.
די קראָ, וואָס האָט א כוש א שוואַכן
פאַר הומאָר, האָט אָנגעהויבן לאַכן:
„א קליינס אַזא און לעבט!"

געדרייט האָט זיך דער שמעטערלינג פון בלום צו בלימל
און האָט דער קראָס געלעכטער ניט געהערט,
די קראָ האָט זיך געהאַלטן נעענטער צום הימל,
דער שמעטערלינג — פאַרקערט,
צו דר'ערד,
די קראָ איז אױף דער ערד אַראָפּגעפלויגן
און צו דעם שמעטערלינג זיך פלינק געטאָן א לאָז,
ווען ס'האָט דער שמעטערלינג דערזען דער קראָס צעבליצטע אויגן,
האָט ער באַהאַלטן זיך אין גראָז...

— דו דאַרפסט פאַר מיר ניט מוירע האָבן, —
האָט שיִין באַרויִקט אים די קראָ, —
איך בין געקומען אין א גוטער שאָ,
די קראָען און די ראָבן
געפערלעך זײַנען הונגעריקערהייט, און איך בין זאַט,

דערצייל מיר, קינד, ווער ביסטו,
פֿונוואַנען פֿליסטו,
האָסטו אַ גוטן אָנבײַסן געהאַט,
וואָס דו ביסט אַזוי אויפֿגעלייגט און פֿריילעך,
און אויסגעפּוצט ביסטו, קעיאַרדיהאַמיילעך...

— איך בין אַ שמעטערלינג און פֿלי פֿון בלום צו בלום,
דער דופֿט פֿון בלומען לעשט מײַן דאָרשט און הונגער,
מײַן קלייד דער זון געהער,
און פֿריילעך בין איך, ווײַל פֿון ליבע כ׳קום...
עס האָט די ליבע מיך געבוירן...
— קראַ, קראַ, — האָט זיך צעלאַכט די קראָ, —
ווי אַלט ביסטו?
— אַ שאָ!
— ווער איז די מאַמע, וואָס האָט דיך פֿאַרלוירן?
— אַ שמעטערלינג — זי האָט איר לעבן מיר אַוועקגעשענקט
און אויסגעגאַנגען אויף אַ בלום אָט דאָ פֿאַרבענקט!..
— אַ מאָדנע פֿאָלק! אַ סך האָט זי געלעבט, דײַן מאַמע?
— פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז זון־פֿאַרגאַנג, —
כ׳וועל אויך אַזויפֿיל אָפּלעבן מיסטאַמע!
— קראַ, קראַ, — האָט ווידער זיך די קראָ צעלאַכט, —
דאָס בעסטע לעבן לעבט מען דאָך באַנאַכט,
שוין הונדערט פֿופֿציק יאָר, אַז כ׳פּאָך מיט מײַנע פֿליגל,
איך האָב סאָלדאַטן אַלערליי געפּיקט,
איך האָב מיט לייבנפֿלייש מיט גוטן זיך געקוויקט,
כ׳האָב נאָך איין וויגל
מײַן באַבע אויפֿגעגעסן לעבעדיקערהייט
און מיט מײַן ברודערל פֿאַרביסן.
ווען דו זאָלסט האַלטן פֿונעם ביסן
ווי איך, וואָלסטו זיך מער ניט אונטערשיידט
און וואָלסט געלעבט אַזויפֿיל, וויפֿל ס׳לעבן קראָען,
אַזוי לעבסטו געציילטע שאָען...

דער שמעטערלינג האָט אָנגעקוקט די שוואַרצע אַ פֿאַרוווּנדערטער
און שעמעוודיק געטאָן אַ זאָג:
אַז איידער ווי אַ קראָ צו שוואַרצן זיך יאָרהונדערטער,
איז בעסער ווי אַ שמעטערלינג צו פֿינקלען נאָר אַ טאָג!

# דער קריג אינ אָרקעסטער

אפ אײנער גאָר א גרױסער באסײנע, א ליאמע,
האָט זיכ צעברענט א קריג,
די שטוב האָט זיכ געהוידעט ווי א וויג;
זי וואָלט צעפאלנ זיכ אפ שטיק־שטיקלעכ מיסטאמע,
אונ אָט דער מאָשל וואָלט געהאט א שלעכטנ סאָפ,
ווענ ס'איז ניטאָ דערבײַ א שטיקל פילאָזאָפ.

דער קריג האָט זיכ צעפלאקערט אינ אָרקעסטער:
ווער איז דער לײַטישסטער, דער וויכטיקסטער, דער גרעסטער
אינ אָרקעסטער?
דער פידל האָט, פארשטײט זיכ, גלײַכ גענומענ
ברומענ
מיט פארדראָס:
„צו וואָס דער קריג, צו וואָס?
דערמאָנט זיכ בלויז אינ פידלער פאָגאניני,
וועט ווערנ קלאָר דער גאנצער איניענ,
ווענ ניט די פידלענ, וואָלטנ דאָכ קײנ פידלער ניט געווענ!"
„געהערט! געזענ!" —
האָט אונדזער קאָנטראבאס
מיט קאס
געטאָנ א טופע מיטנ פיסל:
„הער נאָר א ביסל —
צערעדט זיכ שוינ! דו שווײַג שוינ בעסער!
א שײנעמ אויסזענ האָסטו, ווענ דו גלײַכסט צו זיכ די בעסער!
ערשטנס, בינ איכ צענ מאָל גרעסער,
די סטרונעס — לענגער,
דער קלאנג איז גרעבער, העכער, שטרענגער,
אונ ביכלאל..."

אַט דאָ האָט דער טרומייט געטאָנ א שאַל
מיט זײַנ מעשונע גרויסנ מויל,
אַז אַלעמענ האָט אָנגעכאַפּט א גרויל:
„ביסט ניט קיינ היגער?
ווער רופט אינ שלאַכט אַרײַנ די קריגער?
זײַנ רופ אינ יאַמטעווו־טעג ווער שפּרייט?
די מאַכנעם אינ די מאַרשנ ווער באַגלייט?"
אונ ער האָט זיכ אַלייג געענטפערט: — „דער טרומייט!
ווער קאָנ זיכ צו מײַנ געמבע גלײַכנ,
צו מײַנ דונערדיקנ גאָרגל צו דעמ רײַכנ?"

דערהערט די פרעכע רייד
פונעמ טרומייט,
האָט אונדזער פויק זיכ אופגעהויבנ,
א פויק געטאָנ אונ אַלעמענ געטאָנ פאַרטויבנ:
„וואָס פאַר א נײַסנ?
דער נישט, אַט דער טרומייט, טוט אויכ זײַנ נאָז פאַרײַסנ?
דער קאָנטראַבאַס איז אויכ א מענטש?
איכ קאָנ דעמ פידל טאָנ א בענטש
מיט מײַנע טאַצנ —
וועט ער דאָכ פּלאַצנ!
היי! כצווורע! ניט פאַרגעסט, אַז פונ דעמ אורהאַלט־קריג
אונ ביז די לעצטע שלאַכטנ
האָט מענ ניט אופגעהערט מיכ שאַנעווענ אונ אַכטנ!
ווער גייט דער ערשטער אינ געפעכט?
א פויקער, ווענ ער פויקט, איז ער גערעכט!"

פונ אַט דעמ ליאַרעמ
איז געוואָרנ אַפ דער ליאַמע קאַלט אונ וואַרעמ,
ס'איז נאָר א גליק
וואָס אונדזער פילאָזאָפ האָט אויסגעהערט דעמ קריג
אונ האָט מיט ווערטער, עמעס, ניט קיינ נײַע,
באַרויקט אונדזער אופגערודערטע כאַוורײַע,
ער האָט געזאָגט: „וואַרט אויס,
אומזיסט איז אײַער גוואַלד, די פוסטע שרעקנ —
די ערד איז גרויס,
אונ קאָווער וועט פאַר אַלעמענ אײַכ קלעקנ!"

# שאקאלנ אונ די זונ

שאקאלנ האבנ זיכ געטראָגנ מיט געהויל,
די לופט איז פול געווענ מיט שווידער אונ מיט גרויל,
א קלאנג איז זיכ צעגאנגענ איבער באַרעס,
קלאָר איז:
דער קיניג פונ די גרויזאמע שאקאלנ
האָט לאנג שוינ פעסטגעשטעלט,
אז זייער גרעסטער סוינע אפ דער וועלט
איז אונדזער זונ מיט אירע שטראלנ!
ווענ ניט די זונ, וואָלט אייביק בלויז געהערשט די נאכט,
אונ באם שאקאל איז שטארק באנאכט די מאכט,
באנאכט איז דער שאקאל דער קיניג
אונ אלצ ארומ איז אונטערטעניק
דעמ ווילדנ קריצ פונ זײַנע ציינ,
דער קאָרבנ קומט אליינ.
אונ רעדלעכ גיריקע, שאקאלישע אינ היילנ טײַענ:
„ווי וואגט די זונ גאָר שײַנענ,
ווענ די שאקאלנ זײַנענ קעגנ איר!"
„ווי וואגט די זונ גאָר שײַנענ!" —
האָט, כלעפּטשענדיק זײַנ נירנבערגער ביר,
א גיריקער שאקאל געשריגנ האסטיק...
„פארלעשט די זונ!" — האָט א שאקאל
געטאָנ א שאל
אונ האָט געפּאָכעט מיט זײַנ סוואסטיק.
זײַנ קאָל
האָט זיכ געקויקלט איבער בערג אונ טאָל,
שאקאלנ האבנ זיכ א לאָז געטאָנ ווי האָזנ.
מיט קעפּ פאריסענע אפ הויכער זונ זיי בלאָזנ,
זיי בלאָזנ אָנ א שיר,

די זון נעמט ביים איר קאָליר,
און צו פארנאכט
האָט זי דעם קוואַל פון ליכט פארמאכט...
„פארלאָשן! שוין! — האָט א שאקאל א יונגער אויסגעשריגן, —
וויבאלד מיר האָבן זי געקאָנט באזיגן,
איז שוין גוט!"
אָפּ מאָרגן אָבער איז די זון געקומען מיט איר ברען
און מיט איר גלוט,
און די שאקאלן האָבן גיך דערזען,
אז זייער זיג האָט בלויז די ווערט א גראָשן,
די זון איז ניט פארלאָשן,
און זייער ארבעט איז געווען אומזיסט!
„שיסט!" —
האָט דער ציעקאסטער קיניג אויסגעשריגן —
„זאָל ווערן אָט די ערד פארוויסט,
מיר וועלן אָט די זון באזיגן!"
איין ניט געזאמט,
שאקאלן טראָגן זיך פארפאליעט און צעפלאמט,
זיי שלעפּן ביקסן, באָמבעס און הארמאטן.
„אויב ניט מיט גוטן, — שריַיט דער קיניג, — איז מיט בייזן!
און דאָרט, וווּ ווערטער קאָנען גארניט לייזן,
קומען טאטן!..."
א גאנצן טאָג האָט מען איין בערג
געהערט
די שיסעריַיען —
דאָס האָבן די שאקאלן אָפּ דער זון ניט אויפגעהערט צו שפּיַיען
מיט פיַיער און מיט פלאַם.
פארנאכט האָט מען געפיַיערט מינאסטאַם
דעם גרויסן זיג איבער דער זון דער רויטער...
אָפּ מאָרגן אָבער איז די זון געקומען מיט איר ברען,
ווי שטענדיק העל און לויטער,
און די שאקאלן האָבן גיך דערזען,
אז דער ניצאָכן האָט די ווערט נאָך קארגער פון א גראָשן,
די זון איז ניט פארלאָשן!
**עס שיַינט די רויטע זון איבער דער ערד,**
**זי האָט ניט מוירע פאר קיין קויל און פאר קיין שווערד!**

דער קיניג זעט דאָס אַלצ אונ יאָמערט אַפ שאַקאַליש:
„איכ כאַלעש!..״
נאָר א שאַקאַל
מיט עפּאָלעטנ פונ א גענעראַל
האָט אויסגעשריגנ:
„מיר וועלנ זי, די זונ, באַזיגנ!״
„נאָר וויאַזוי?״ — האָט זיכ צעיאָמערט א שאַקאַלעכל
מיט א פּאַראַשוט אָנשטאָט א שאַלעכל.
„פאַרלעשנ וועלנ מיר די זונ געוויס,
ווענ ס׳וועלנ טייכנ וואַסער טאָנ אַפ איר א פליס!״
אונ די שאַקאַלנ
האָבנ א לאָז געטאָנ די וואַסער־קוואַלנ
אַפ דער זונ.
הערפונ
איז קלאָר, ס׳האָט גאָרניט זיכ געביטנ.
די זונ האָט אַלצ ניט אופגעהערט צו שיטנ
די שטראַלנ אירע אַפ דער ערד,
פאַרקערט,
זי האָט נאָכ וואַרעמער צו גאָר דער וועלט געווונקענ,
אונ די שאַקאַלנ האָבנ זיכ אינ וואַסערנ אינ זייערע דערטרונקענ.

אונ די, וואָס זיינענ נאָכ געבליבנ אַפ דער ערד,
הערט:
כאָטש שיסט, כאָטש ניסט,
כאָטש וואַסער גיסט
אונ וואַרפט מיט שטיינער,
נאָר אונדזער זונ וועט ניט פאַרלעשנ קיינמאָל קיינער.

# אינהאלט

## I. אפסני

## II. לעבנ מײַנס



## III. אומשטערבלעכע



## VI. אונטעוועגנס

## V הויכע שװעלנ



## VI. מיר װערנ גענײַטער

## VII. א וועלט מיט וועלטעלעכ



---

И. ФЕФЕР

ВОЗРОЖДЕНИЕ

(на еврейском языке)

Редактор *С. ГАЛКИН*. Переплет худ. *Г. БЕРШАДСКОГО*.
Техред. *А. КАНТОР*.

Подписано к печати 21/V—48 г. Б00225. Печ. л. 15 1/4, уч.-изд. л. 7,74.
Формат бумаги 84×108 1/32. Тираж 4000 экз. Цена 6 р. 50 к. Зак. № 914

Набрано в типографии Госиздательства «ДЕР ЭМЕС», Москва, Старопанский пер., № 1.
Отпечатано в 3-й тип. «Красный Пролетарий» треста «Полиграфкнига» ОГИЗа при Совете Министров СССР. Москва, Краснопролетарская, 16.